אי. קיפניס

# מאַיסעס און דערציילונגען



מעלוכע-פאַרלאַג פון אוקראַינע
1929

# מוישעלעס ציגעלע

געווען אמאָל א מוישעלע, די גרויס ווי א קוישעלע
א גאַנצן טאָג איז ער געזעסן אַפן דאַך, און פאַרנאַכט האָט
ער געוואָלט עסן.

גייען די בעהיימעס פון טשערעדע. זאָגט מוישעלע צו
דער מאַמען:

— מיידעלע, מיידעלע, גיב מיר עסן!

זאָגט די מאַמע:

— אינגעלע, צינגעלע דו! אָט מעלק איך אויס די ציג,
גיב איך דיר עסן.

ט'גענומען די מאמע דאָס קריגעלע, איז אַוועק צום
ציגעלע, און רופט זיך אָן:

— „ציגעלע, מיגעלע, לאַמאַני,
מעלק מיר אָן א קריגל מילך,
בא מיר פאַראַן א מוישעלע,
די גרויס ווי א קישעלע.
איך האב א גאַנצן טאָג פאַרגעסן,
אז מוישעלע וויל עסן".

זאָגט דאס ציגעלע:

— „מע, מע, מעמעלאַיעם,
ברענג אין מילטערל מיר קלאַיען.

ניט קיין סאַך און ניט קיין ביסל,
געם דיר מילך א פולע שיסל".

געבראַכט די מאַמע קלאַ־ען, האָט גענומען דאָס ציגע־לע קאַ־ען, ס׳גענומען די מאַמע מעלקן, און דאָס ציגעלע זינגען:

— „מע, מע, מע־מע־מי
מעלק דיר אָן א שעפל מילך.
טראָג אַוועק צו מוישעלען,
גיס אים אָן אין קריסעלע.
דאָס מילכעלע איז הייסע,
וועט מוישעלע וואַקסן א גרויסער".

# די מאַסע מיט דאָווידלס הינטעלע

געווען איז בא דאָווידלען א קליין, קליין הינטעלע, נאָר מיט פאַרמאַכטע אויגעלעך.

איינמאָל, דאָווידל איז נאָך געשלאָפן אין בעטעלע, קריכט אַוועק דאָס הינטעלע פון שטוב, קריכט אַוועק פון הויף, און קומט אָף א ווייטער גאַס.

האָט זיך דאָס הינטעלע מוירע.

גייט אַ־וויאַט א פעטער. א גראָבער, א גראָבער.

בעט זיך דאָס הינטעלע:

— פעטערל, גראָבינקער, פיר מיך אָפּ אהיים.

— גיי אליין, אז דו דאַרפסט, זאָגט דער גראָבער פעטער.

גייט א אינגעלע.

זאָגט דאָס הינטעלע:

— אינגעלע, צינגעלע, פיר מיך אָפּ אַהיים!

— אף וועלכער גאַס? — פרעגט דאָס אינגעלע.

— איך ווייס ניט.

— אין וועלכן הויף?

— איך ווייס ניט.

— אין וועמעס הינטעלע ביסטו?

— דאָווידלס.

— אהאַ, דאָווידלס?! אויב אזוי ווייס איך.

ס׳גענומען דאָס אינגעלע הינטעלען, פאַרפירט גלייך צו דאָווידלען אַהיים. איז דאָווידל אויפגעשטאַנען און די

מאַמע איז געקומען, און גענומען געבן די קינדער קאַשע עסן.

האָט זי געגעבן דעם אינגעלע אין שיסעלע, דאָווידלען אין פֿענדעלע, הינטעלען אין רענדעלע. האָבן די כאַווײ־רימלעך געגעסן די קאַשע, געגעסן, און די מאַמע פֿאַר־געסן.

קיזעלע,
מיזעלע,
מיזעלע,
מייזעלע,
כאַפּ!
כאַפּ!
כאַפּ!
כאַפּ!

# דאָווידל און דאָס פליגעלע

געגאַנגען איז דאָווידל אין קלייט קויפן א מעסער. איז נאָך געווען פרי. זעט ער א הינדעלע גייט. לויפט ער זי כאַפּן. לויפנדיק איז אים אַרויס א טראָפּן שווייס אַפן שטערן.

פליען צוויי פליגעלעך קליינע, איינע איז אַלט א טאָג, און איינע — צוויי טעג.

רופט זיך אָן דאָס ערשטע:

— דו זעסט? בא דעם מענטשן אַפן שטערן — א באַרג.

זאָגט דאָס צווייטע:

— איך קאָן אַריבערשפּרינגען אָן האַלטעניש. און טוט א פלי צו דאָווידלען אַפן שטערן. פאַרטשעפּעט א פיסעלע און קען ניט אַרויס. האָט דאָווידל אינדערגיך אַוועקגעלאָזן די הון, און געכאַפּט דאָס פליגעלע אין האַנט, און וויל זי ניט אַרויסלאָזן.

האָט זיך בא אים גענומען דאָס פליגעלע בעטן:

— מענטש, מענטש, לאָז מיך אָפּ, מיין סוועסטערל וואַרט אַף מיר, איר איז איין טאָג און מיר צוויי.

— וועסטו מער ניט קריכן צו מיר אַפן שטערן?

— מער ניט.

— טאָ שווער זיך!

— איך ווייס ניט ווי אַזוי.

זאָג: אָרענע, באָרענע, ווייצענע, קאָרענע.
זאָגט דאס פּל־גע־ע:
— אורענע, בירענע, וויסענע, קורענע...
האָט אויפגעעפנט דאָווידל די האַנט, איז דאס פליגעלע אוועק זוכן איר שוועסטערל, און דאָווידל איז אוועק קויפן א מנקער.

# דאָס פליגעלע און דער בער

געשטאַנען זײַנען אױפן פענסטער א קלײן פליגעלע מיט א גרױסער פליג. זעען זײ אינדרױסן א בער פליט. זאָגט דאָס קלײן פליגעלע:

— אָט כאַפּ איך אים!

זאָגט די גרױסע פליג:

— פלי ניט, ער װעט נאָך דיך אױפעסן.

— איך האָב זיך ניט קײן מורא, זאָגט דאָס קלײן פליגעלע, און איז אװעקגעפלױגן.

דער בער פליט, און דאס פליגעלע נאָך אים. דער בער פליט, און דאָס פליגעלע נאָך אים. פאַרטשעפעט זיך דער בער מיט א פוס פאַר א בױם און בלײַבט הענגען. איז צוגעלאָפן דאס פליגעלע, אים געגעבן א טוק אין אױער ארײַן. האט זיך דער בער דערשראָקן, געגעבן א פאַל אױף דער ערד, און זיך גענומען קאַטשען.

פרעגט אים דאָס פליגעלע:

— װאָס קאַטשעסטו זיך, בער?

— אױ, מײַן בױך טוט מיר װײ, אױ, מײַן בױך טוט מיר װײ, קאַטשע איך זיך.

— טאָ װי אזױ רופט מען דיך, בער, װאָס דו ביזט אזא גרױסער?

— אױ, אױ, טײַער פליגעלע, לעמאַך רופט מען מיך, לעמאַך.

קומט צוקריכן דער ווײַסער שלאַנג, שטעקט אַרײַן דעם קאָפּ אין פענסטער:

— אַהאַ! אַ מײדעלע אַזאַ! גיב אָפּ, זײדע, דאָס מײדעלע!

— איך וועל ניט געבן!

— טאָ וואָס ווילסטו געבן?

— פאַראַן בײַ אונדז אַ קיכעלע אין פוטער.

ט׳אויפגעשלונגען דער שלאַנג דאָס קיכעלע אין פוטער, פאַרדרייט דעם קאָפּ פון פענסטער—און אַוועקגעקראָכן!

זיצט און קלערט דער זײדעשי, זיצט און קלערט, דאָס מײדעלע: וואו וועלן זיי נעמען עסן? הײַנט וואו וועלן זיי נעמען עסן?

מאַכט דער זײדעשי אַזוי:

— קום, טאָכטערשי, אין וואַלד, מירן אָנקלײַבן ניסע־לעך, מירן אָנקלײַבן באַרעלעך, וועלן מיר איבערבײַסן.

האָבן זיך גענומען דער זײדעשי מיטן מײדעלע פאַר די הענט און אַוועקגעגאַן אין וואַלד.

בורו, מורו, קיציאַ־קיץ,
שטייט אין וואַלד אַ הײַזעלע.
בורו, מירו, קיציאַ־קיץ,
וואוינט אין אים אַ מײַזעלע.

טוק, טוק, טוק,
— מ׳קען אַרײַן?
טום, טום, טום,
— מ׳קען אַרײַן.
זאָגט דער זײדעשי:
— מײַזעלע, מײַזעלע, פאַראַן בײַ דיר וואָס עסן?

זאָגט דאָס מייזעלע:
— פּאַראַן — און ווייזט דעם זיידן איין שפּייכלער מיט ווייץ און איינעם מיט קאָרן.

בורו, מורו, טורא־טור,
וואוינען זיי דאָרט אַלע.
בורו, מורו, כורא־טור,
באַקן ברויט מיט כאַלע.
פרייען זיך און טאַנצן,
ערשט הונדערט יאר אינגאנצן.

זיידע,
מיידל,
מיזא־מויז,
און די
מאַיסע
איז שוין
אויס.

# ט׳נים געהאט אַ אידעלע פון וואָס צו לעבן
(איבערדערציילט פון אוקראַיניש)

ט׳נים געהאט אַ אידעלע פון וואָס צו לעבן,
ט׳אים געמוזט די ווייב אַ הינדעלע געבן.
מאַכט דאָס הינדעלע אַפּן דאַך:
קיך־קודאַך!
קוך־קודאַך!

ט׳נים געהאט דאָס אידעלע פון וואָס צו לעבן,
ט׳אים געמוזט די ווייב אַ קאַטשקעלע געבן.
מאַכט דאָס קאטשקעלע:
קאַך־קאַך־קאַך!
און דאָס הינדעלע אפּן דאַך:
קוך־קודאך!
קוך־קודאַך!

ט׳נים געהאט דאָס אידעלע פון וואָס צו לעבן,
ט׳אים געמוזט די ווייב אַ גענזעלע געבן.
מאַכט דאָס גענזעלע:
גע־גע־גע!
מאַכט דאָס קאַטשקעלע:
קאַך־קאַך־קאַך!
און דאָס הינדעלע אפּן דאַך:
קוך־קודאך!
קוך־קודאַך!

ט'ניט געהאט דאָס אידעלע פון וואָס צו לעבן,
ט'אים געמוזט די ווייב א שעפּסעלע געבן.
מאַכט דאָס שעפּסעלע:
מע־מע־מע!
מאכט דאָס גענזעלע:
גע־גע־גע!
מאכט דאָס קאטשקעלע:
קאַך־קאַך־קאַך!
און דאָס הינדעלע אַפן דאַך:
קוּך־דאַך!
קוּך־קוּדאַך!

ט'ניט געהאט דאָס אידעלע פון וואָס צו לעבן,
האָט אים געמוזט די ווייב א קועלע געבן.
מאַכט דאָס קועלע:
מוּ־מוּ־מוּ!
מאַכט דאָס שעפּסעלע:
מע־מע־מע!
מאַכט דאָס גענזעלע:
גע־גע־גע!
מאַכט דאָס קאַטשקעלע:
קאַך־קאַך־קאַך!
און דאָס הינדעלע אַפן דאַך:
קוּך־קוּדאַך!
קוּך־קוּדאַך!

ט'ניט געהאט דאָס אידעלע פון וואָס צו לעבן,
ט'אים געמוזט די ווייב א פּאָר עקסעלעך געבן.

מאכן די עקסעלעך:
בו־בו־בו!
מאכט דאָס קועלע:
מו־מו־מו!
מאַכט דאָס שעפּסעלע:
מע־מע־מע!
מאַכט דאָס געגנזעלע:
גע־גע־גע!
מאַכט דאָס קאַטשקעלע:
קאַך־קאַך־קאַך!
אין דאָס הינדעלע אפן דאך:
קוך־קודאַך!
קוך־קודאַך!

# פיר באַבעלעך

(איבערדערציילטע מאַיסעלעך)

שפּילן זיך פיר באַבעלעך אַף דער זון:
איינס אַ רויט באַבעלע,
איינס א ווייס באַבעלע,
איינס אַ געלס
און איינס אַ שוואַרצס.
פליען זיי, פליען זיי אַף דער זון,
שפּילן זיך, שפּילן זיך,
ערשט זיי דערזעען א זשוק פליט.
— זש זשוש, זש זשוש,— מאַכט דער זשוק.

האָבן זיך די באַבעלעך מוירע, דער זשוק וועט באַלד אָנפליען, וועט ער נאָך מיט זיינע שטעכיקע הערנער זיי די פליגעלעך דורכשטעכן.

— וואו זשע באַהאַלט מען זיך גיכער?

טיגעכאַפּט דאָס רויטע באַבעלע, זיך אַרויפגעזעצט אַף א רויט קווייטע און זיך באַהאַלטן פאַרן זשוק.

טיגענומען דאָס געלע באַבעלע זיך אַרויפגעזעצט אַף א געל קווייטעלע, דאָס ווייסע אַף א ווייס קווייטעלע און זיך באַהאַלטן פאַרן זשוק.

און נאָר דאָס שוואַרצע באַבעלע ווייסט ניט וואו זיך צו פאַרשטעקן, שטייט עס און וויינט.

פליט אָן א יונגע בין אַף איר צאָרעס.

מאַכט די יונגע בין:

— וואָס וויינסטו, שוואַרצע באַבעלע? דו ביסט דאָך אַזוי אַ שיינע!

— ווי זאָל איך ניט וויינען, — זאָגט דאָס שוואַרצע באַבעלע, — אָנאָ פליט אַ זשוק מיט שטעכיקע הערנער און זשומט, ער וועט מיר באַלד די פליגעלעך דורכשטעכן. אַלע באַבעלעך האָבן געפונען וואו זיך באַהאַלטן און איך ניט.

— וויין ניט, שוואַרצע באַבעלע, זאָגט די יונגע בין, פלי אַוועק אַהין אין וועלדעלע, זוך אָפּ אַ שוואַרץ דעמבעלע און שטעל זיך אויף אַ צווייג, וועט דיך דער זשוק קיינמאָל ניט אָפּזוכן.

האָט געפאָלגט דאָס שוואַרצע באַבעלע:

אַוועקגעפלויגן אין וועלדעלע, געפונען אַ שוואַרץ־דעמבעלע, זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ צווייג און שטייט.

געקומען צופליען דער זשוק מיט די שטעכיקע הערנער.

— זש זשזש, זשזש, וואו זיינען די באַבעלעך.

— ניטאָ קיין באַבעלעך.

— זש זש, טראַכט דער זשוק, כ׳וועל פליען ווייטער, אפשר וועל איך געפינען באַבעלעך, עטוואָס נאַרעשערע פון די, זש זש... און איז אַוועקגעפלויגן.

ווי דער זשוק איז אַוועקגעפלויגן האָט גענומען דאָס רויטע באַבעלע און איז אַראָפּ פון רויטן קווייטעלע, דאָס געלע איז אַראָפּ פון געלן קווייטעלע, דאָס ווייסע פון ווייסן קווייטעלע, און זיי זוכן דאָס שוואַרצע באַבעלע. ערשט זיי ווייסן ניט וואו דאָס איז.

פליען זיי אַלע אַוועק אין וועלדעלע און נעמען רופן:

— שוואַרצע באַבעלע, וואו ביסטו?

— שווארצע באבעלע, וואו ביסטו?

— אָטאָ בין איך! — מאַכט דאָס באַבעלע, — קיקט זיך צו אין וועלדעלע אַף אַ שווארצן דעמבעלע, איך זיץ אַף א צווייג אין באהאַלט זיך פֿינם זשוק.

— דער זשוק איז שוין לאנג אַוועקגעפלויגן, — זאגן די באַבעלעך.

— קום אַראָפּ, מיר ווייסן ניט וואו דו ביסט!

איז אַראָפּגעפלויגן דאָס באַבעלע צו זיי, האָבן זיי ווייטער דערזען די זון און אַיעך זיך שפּילן.

פליען זיך צוריק אַרום איבערן פעלד די פיר באַבעלעך: איינע אַ שווארצע, איינע אַ רויטע, איינע אַ געלע און איינע אַ ווייסע. שפּילן זיך, שפּילן זיך און האָבן פאַר קיינעם קיין מוירע ניט.

# מיזעלעך - מייזעלעך

בײַ אײנעם אַ אידן האָבן זיך געהאָדעוועט אין קאַסט
צוויי קלײנינקע מײַזעלעך. אײנמאָל אפּדערנאַכט עפנ
אויף דער איד די קאַסטן און רופט זיך אָן:

— מיזעלעך־מײַזעלעך, גענוג אײַך דאָ געזעסן אי
קאַסטן. לויפט זיך נאָר דורך אַ ביסעלע איבערן שטאָט און בא
טראַכט וואָס דאַרטן טוט זיך!

האט ער זײ אַרויסגעלאָזן פון קאַסטן אין פאָדער־הויז
פון פאָדער־הויז אַף יענער זײַט טיר, זײ נאָך צוגעלויכטן
מיט אַ ליכט, האָבן די מײַזעלעך פאַריסן די עקעלעך און
גענומען פליען פון די טרעפּ אַראָפּ, אַראָפּ, און אַפן גאַס
אַרויסגעלאָפן.

און אַפן גאַס איז געווען קאַלט.

זאָגט אײן מײַזעלע:

— איך גײ דאַווקע אין אַ וואַרעם פעלצעלע, אָבער איך
בין באָרוועס, איז מיר קאַלט אין די פיס.

זאָגט דאָס צווייטע מײַזעלע:

— איך גײ אויך אין אַ וואַרעם פעלצעלע, נאָר איך בין
באָרוועס, איז מיר אויך קאַלט אין די פיס.

— טאָ לאָמיר לויפן!

— נו, לאָמיר לויפן.

לויפן זײ און לויפן גיך איבער און גאַס אײַן. קומט אָן
דער שוסטער אַנקעגן אין קלאַפּט מיטן לאַנגן שטעקן

איבער דער ערד. דערזען די מייזעלעך לויפן, צעשרייט ער זיך אַף זיי:

— אַך, איר אַזוינע און אַזוינע! וואו שלעפּט איר זיך עס אום אַזעלכע קליינע אין מיטן באַנאַכט? שוין זאָלט איר אַהיים גיין!

נעמען די מייזעלעך פינטלען מיט די אויגעלעך און זיך בעטן באַם שוימער:

— פעטער ל, ליבינקער, טרייב אונז ניט אַהיים, מיר דאַרפן זען וואָס אין שטאָט טוט זיך.

— א? — זאָגט דער שוימער, — וואָס אין שטאָט טוט זיך? נו, גוט, וועל איך אייך ווייזן.

— איר זעט, אָנאָ שטייט אַ הויכער פּאַלאַץ? אים איז שוין טויזנט, טויזנט יאָר. גייט צום פּאַלאַץ, וועט איר עפּעס זען.

פאַרהייבן די מייזעלעך די עקעלעך און לאָזן זיך לויפן. געקומען צום פּאַלאַץ, א פּרואוו געטאָן פון דער רעכטער זייט — ס'גייט נ ט. אַ פּרואוו געטאָן פון דער לינקער זייט — ס'גייט ניט. האָבן געמוזן די מייזעלעך ניט פון דער רעכטער ניט פון דער לינקער, אונטערגעלייגט די מאָרדעלעך און אַ הויב געטאָן די וואַנט, קערט זיך איבער דער פּאַלאַץ מיטן קאָפּ אַראָפּ.

גייט פון דאָרט אַרויס אַ בער אין ווייסן וואָלנס אָנגעטאָן, מיט פראַנדזן באַהאַנגען. און אַ קליין מאַלפּעלע טראָגט נאָך אים נאָך א ליכט און לייכט אים צו.

פרעגט דער בער:

— וואָס דאַרפט איר דאָ, אַזעלכע קליינע לייט?

— זאָגן די מייזעלעך:

— גאָרניט דארפן מיר ניט דאָ.

גייט אַרויס אַ הונט אין אַ גוטן פוטער אָנגעטאָן.

— וואָס דארפט איר דאָ אזעלכע קליינע לייט? — פרעגט דער הונט.

זאָגן די מייזעלעך:

— מיר דאַרפן עפּעס זען.

— אהא? איר דארפט עפּעס זען? ווארט אויף אַ ווייליקע.

ערשט ס׳גייט ארויס אַ קאץ מיט אַ זיידענער טיכל פארשלייערט, ווישט אויס מיטן עק פון טיכל דאָס רעכטע אויג, ווישט אויס דאָס לינקע אויג:

— מיאַו?

האָבן זיך די מייזעלעך, נעבעך, זייער דערשראָקן און זיי זאָגן:

— פיר אונז גיכער אָפּ, מומינקע, אַהיים... מיר האָבן זיך מורע...

האָט גענומען די קאץ איין מייזעלע פאַר אַ לאפּקעלע, גענומען דאָס צווייטע מייזעלע פאַר אַ לאַפּקעלע, זיי אַוועקגעפירט און אוועקגעפירט און אָפּגעפירט ביזן סאמע שטוב. און דאָרט רופט זי זיך אָן צו זיי:

— מייזעלעך־מייזעלעך, זייט וויסן, אַז היינטיקס מאָל שענק איך אייך, נאָר פון היינט אָן און ווייטער זאָלט איר געדענקען, אַז איך בין קאַץ און איר זיינט מייז — און די מאַיסע איז אויס...

# די גרויסע סודע

געווען איז אַמאָל א באַביצע אין וואַלד. אן אַלטע באַ־ביצע, א גוטע באַביצע. געהאַט האָט זי א לעמפעלע א רויטס. קומט צוגיין דער ווייסער בער, אַזאַ אַ גרויסער ווייסער בער, און רופט זיך אָן:

— „בורו, באַבע, לום אַהער,
בורו, בורו, איך בין בער
גיב דאָס לעמפעלע אַהער".

— טאַקע? — זאגט די באַביצע, — דו ביסט בער? און וואו איז דאָס מיר א בענקעלע?!

און די באַביצע האָט צוגעשטעלט בערן א בענקעלע. אים גוט, גוט אָנגעשמיסן.

— איצט, — זאָגט די באַבע, — גיי, און זאָג ניט אויס פאַר קיינעם...

גייט ווייסער בער איבערן וואַלד אָנ'אָפגעשמיסענער און וויינט. אַזוי ווי ער וויינט, קומט אים אָן א קליין וועווערל אַנקעגן.

— וואס וויינט איר, פעטער בערל? — פרעגט אים וועווערל.

— אוי, אוי, — כליפעט ווייסער בער. — די באַביצע! די אַלטע באַביצע אין וואלד!

— טאָ ווילן ניט, בער, — זאגט וועוועריל, — אָט גיי איך, וועל איך זיך מיט איר אָפּרעכענען! און ער איז אוועקגעלאָפן.

דעריזען וועוועריל די באַביצע מיטן רויטן לעמפּעלע אין וואַלד, האט ער אינדערגיך אַרויפגעקלעטערט אַפן בוים מיט עקעלע אַרויף און מיטן פיסקעלע צו דער באָבע און רופט זיך אָן:

— באַביצע, באַביצע, וואָס האָסטו בערן געשלאָגן? ער געהער דאָך מיר אָן און אייגענער פעטער?!

— איך וועל נאָך אים ערשט שלאָגן, — זאָגט די באַביצע.

— פאַרוואָס?

— דערפאַר, וואס ער וויל דאס רויטע לעמפּעלע אוועקנעמען.

— און צו וואס דאַרפסטו דעז, באַביצע, דאס רויטע לעמפּעלע?

— איך דאַרף פאַר אַלע כאיעס א טודע מאַכן.

— גוט! — האט וועוועריל א שפרונג געטאָן, — טאָ וועלן מיר בויען א שטוב?

— לאמיר בויען.

— א גרויסע?

— א גרויסע.

— גאר א גרויסע?

— גאר א גרויסע.

געגומען וועוועריל קאַשען קלעצער פון וואלד, קומט צוגיין דער העלפאנד:

— אייך העלפן די שטוב אויפלייגן?

— העלף.

אויפגעלייגט די שפּוּב זיינען געקומען די הינט און זאָגן:

— .מיר זיינען סאַרוועדס.

געקומען די לייביכע און זאגט:

— איך וועל די טישן שפּרייטן.

געקומען די ציג און געבראַכט קעז, די שאף — פּוטער, דער וואלף — בּערעסט, דער כאזער — לאכאָריץ און אלע כאיעס האָבן זיך אויפגעקליבן אף דער סודע.

גענומען די באביצע, אויפגעהאָנגען דאס רויטע לעמפּעלע אין מיטן שטוּב, ערשט מ׳דערהערט ווי דער בער ווינט אונטער דער טיר

רופט זיך אָן די באביצע:

— גענוג דיר וויינען, וויסער בער. דו וועסט גיין די שטוּב קערן?

— ניין.

— דו וועסט גיין די הרובע הייצן?

— ניין.

— די וועסט גיין האָניק ברענגען?

— יא.

אוועקגעלאפן דער בער אף אלע פיר און געבראכט צו קייקלען א פולן בינשטאָק מיט האָניק.

די באבע באטט לאטקעס און דער בער שמירט מיט האָניק, דאס רויטע לעמפּעלע שיינט און אלע כאַיעס עסן.

רופט זיך אָן די באביצע צו די קלעזמער:

— קלעזמער, וואס שווייגט איר? שפּילט עפּעס א פריי־לעכס!

זיינען געקומען די פליגן מיט די צימבלען,

געקומען די פּינען מיט די זשומיזן,
דער זשוק מיט דעם פּייפל, די זשאַבע מיט דעם טרומייט,
און קליין העזעלע האָט אפן פּידעלע גענומען אויסשפּילן:
„פּידעלע שפּידעלע רים־באַם־באָם".
האבן זיך אַלע כאַיעס גענומען אין א ראד, ווייסער בער
מיט וועווערקען זיינען אוועק אין מיטן טאנצן און די מאַיסע
איז אין גאנצן.

# א מאַיסע פון א האָנדעלע די גרויס ווי א מאָנדעלע

(איבערדערציילט)

געוועזן אמאָל א זיידע מיט א באָבע, האבן זיי ניט געהאט קיין קינדערלעך. געוועזן בא זיי נאר א האָנדעלע — די גרויס ווי א מאָנדעלע.

עסט דער זיידע באָם טיש. עסט די באָבע באָם טיש. און האָנדעלע־מאָנדעלע גייט ארום אפן טיש.

קומט איינמאל א סוחר־א מוכער, מיט א לאנגער קאפאָטע און רופט זיך אָן:

— זיידע־זיידיצע, באָבע־באָבעצע, פארקויפט מיר האנדעלע־מאנדעלען.

די באָבע זאגט:

— פאר קיינע געלט ניט.

און דער זיידע זאגט:

— וואס וועסטו געבן?

האט ארויסגענומען דער סוחר־דער מוכער און אנגעשאָטן דעם זיידן א פולע קעשענע מיט ניס, ציגענומען האנדעלען אין טאָרבע, און אוועק מיט אים אהיים.

געקומען דער סוחר־דער מוכער אהיים, רופט ער זיך אָן צו זיין ווייב:

— מומע־קרומע, זעסט, אט האב איך געקויפט א האָנדעלע די גרויס ווי א מאָנדעלע. פוץ אים אויס, וואש אים ארום, טו אים אָן שיינע שיכעלעך און שטעל אים אוועק אין ווינקעלע אפן טיש, וועט ער מיר זינגען.

דער סויכער־דער מויכער האט זיך באזעצט אין זײַן ווייכער פאטער־שטול און רויכערט זיך די ליולקע.

רופט זיך אָן האָנדעלע־מאָנדעלע:

— קוקורו! קוקורו!

— סייכער, דו!

— מויכער, דו!

— פיר מיר אָפּ אהיים,

— איך וויל צום זיידן!

— איך וויל צו דער באבען!

רופט זיך אן דער סויכער־דער מויכער:

— דיין זיידע—איז א דיידע, דיין באבע—איז א שקראבע. זיי בא אונז!

— אט גיי איך, וועל איך דיר ברענגען לעקעכלעך אין צוקער.

דער סויכער איז אוועק, האט גענומען האָנדעלע־מאָנדעלע, ארויפגעפלויגן צום סויכער אפן בעט און צעט־אטן די לאקשן, ארויפגעפלויגן אפן טיש און צעגאסן די טינט און כיגיך אין פענסטער אויסגעפיקט א קליין לעבעלע און זאגט:

קוקורוק!
קיקורוק!
קומט דער סויכער,
טוט א קיק.
קומט דער פויגל,
טיט א פיק,
קומט די באבע,

**טוט א שמעק,**
**פליט דאָס האנדעלע אַוועק.**

און האנדעלע איז דורכן קליין לעכעלע אַרויסגעשפרונגען און אַוועקגעלאָפן אַהיים.

געקומען צום שטיבעלע, קלאַפּט האַנדעלע אין טירעלע: טוק־טוק!

פרעגט דער זיידע:

— ווער איז?

פרעגט די באָבע:

— ווער איז?

זאָגט האָנדעלע־מאָנדעלע — ס׳איך! און איז אַריינגעפלויגן אין שטיבעלע.

האָבן זיך דער זיידע מיט דער באָבע זייער דערפרייט. האָט דערלאַנגט די באָבע אַ טאָפּ מיט קאַשע.

עסט דער זיידע בײַם טיש, עסט די באָבע בײַם טיש און האָנדעלע־מאָנדעלע גייט אַרום אַפן טיש.

אָפּגעגעסן, זאָגט דער זיידע:

— האָנדעלע־מאָנדעלע, קיש־קיש־קיש,
פלי אַראָפּ פונעם טיש!
זי איז באָבע, איך בין זיידע,
לאָמיר גיין אַ טענצל ביידע!

זײַנען זיי אַוועק אין דרייען אַלע טאַנצן
איז שוין די מאַיסע אינגאַנצן.

# האָבן מיר אַ קועלע

(איך האָב אַ קליינע טאָכטער בעבעלע, וואס היט אונז אפ דאס קועלע, שענק איך איר אט דאס געשריבּעטס אַף אײנגאַנצן).

האָבן מיר אַ קועלע,
האָבן מיר אַ ש־נינקע.
הייסן הייסט עס בא אונז
מא:קע·
מילך גיט עס
זומער — יאָ
ווינטער — ניט.
עסן גיבן מיר דעם
אַ גאנצינק יאָר.
האבן מיר אַ ק·על,
האָבן מיר אַ שיינינקע.
עסן גיבן מיר דעם
צען מאָל אַ טאָג:
אינדערפרי אַ טרונק
אַ וואַרעמען,
פאַרנאַכט אַ טרונק
אַ שיטערן,
היי און שטרוי
און קונישינע
און מאקיכע
און קאַרטאָפל,

מעל און קלאַיען.
און וואָס ניט?

גיט עס אונז דאָך
מילכעלע,
גיט עס אונז דאָך
ווארעניען.
עסן מיר אים
רויע־הייט,
עסן אים געקאָכטן,
עסן מיר אים זויערן,
עסן מיר אים זיסן
און קעז געוואַרעניטן
און קעז געפּרעסטן
און פּוטער געלינבהן
(יאָ, איר ווילט?)
און סראָוואַטקע
און מאַסלענקע
און פרישע סמעטענקע.
אַ! געשמאַק!

איצט זעט סאַ שטעלכענדל
באַ אונזער כּועלע:
פון האָלץ געטעסעט,
מיט שטרוי געדעקט
און טרוקן איז דאָרט,
טרוקן ריין.

הערשל טראָגט אָן
זעק מיט בּלעטער
הינדע — שפּרייט זיי אויס,
בּראָשקע מעלקט דאָס קועלע.
די מאַמע טראָגט איר פּישע,
דער טאַטע קאָסעט היי און בּרענגט
און בּעבּעלע די קליינע
(פון פיר יאָר אָן דריי כאַדאָשים.)
זי בּראָקט דעם קעלבּעלע
קאַרטאָפל.

# געוועזן בײַ אוראַמען צוויי טײַבעלעך

(אַן עמעסע מײַסע).

האָט געבראַכט דער טאַטע אַוראָמען
צוויי טײַבעלעך.
אוי גוואַלד, סאַראַ שײנינקע טײַבעלעך!

איז געקומען די קאַץ און אויפגעפרעסן אַ טײַבעלע!
אוי וויי!
די קאַץ האָט אויפגעפרעסן אַ טײַבעלע!

האָט גענומען אוראָם און געמײמעסט די קאַץ:
— וועסט ווײַטער פרעסן טײַבעלעך???
אַהאַ!
האָט גענומען אוראָם און געמײמעסט די קאַץ.

איז זיך מעיאַשעוו די מאַמע און שמײסט אָנעט אַוראָמען:
— וועסט ווײַטער מײמעסן קעץ???
אַהאַ!
איז זיך מעיאַשעוו די מאַמע און שמײסט אָנעט אוראָמען.

צעקאַסט זיך די מילך און לויפט אויסעט אין אויוון:
— וועסט ווײַטער שמײסן אַוראָמען?
אַהאַ!
צעקאַסט זיך די מילך און לויפט אויסעט אין אויוון.

אָי, אָי, אָי!
געוועך די קאַץ דאָס טײַבעלע ניט עסן,
וואָלט אוראָם די קאַץ ניט געמיימעסט,
וואָלט די מאַמע אוראָזען ניט געשמיסן,
וואָלט די מילך דעם אויוון ניט פֿאַרגאָסי,
וואָלט געוועןציקאָריע אַף אָנבײַסן,
אַז אַלע קינדער זאָלן עסן.

טאַטע געוועןבאַ אַוראָמען צוויי טײַבעלעד,
אוי גוואַלד, סאַראַ שיינינקע טײַבעלעד!

# דאָדל און שאַי-כאַלי

(פּאַניען בעשענקט)

איך וויל אײַך דערציילן,
ווי קינדער זיך שפּילן,
ווי קינדערלעך קליינע
אַ צײַט היינט דערפילן.

אַליין איך מיט פּאַניען
דערבײַ בין געווען,
און כ'האָב טויזנט מענטשן,
וועלכע האָבן עס געזען.

I

אין קיעוו, באַם דניעפּער, אַ הויף מיט אַרמענער;
דאָרט וואוינען אויך אידן און קריסטן
(געפירט האָבן זיך דעמאָלט באַלשעוויקעס אין רוסלאַנד,
אין איטאַליע — פאַשיסטן).
זעען אָרעמענערלעך טאָג-טעגלעך און הערן:
פול זײַנען גאַסן מיט יונגע פּיאָנערן,
אַליין (אָן די מאמעס) איבער גאַסן זיי גייען,
ווי געפּראוואַוועטע סאָלדאַטן אין רייען
און אַ פאָן זיי האָבן, און אַ פּויק, און קלייזאַ'ען —
אַלץ ווי ס'געהער צו זײַן...
. . . . . . . . . . . . . .

II

די טאטעס בּאַ ארמענערלעך פּוצן אף גאַסן די שיך.
און אַרמענערלעך קאַטשען זיך אין קעלערס אף דילן.
און קינדער בּא אונז אין די הויפן
(כאָטש מען בּעט אייך ניט ציילן) —
קינדער אין די הויפן זיינען פול נאָר און פול.

שפּילן דאָרט כעוורע און שפּילן,
יעדערער איז בּאַיימט מיט זיין קראַפּט.
איינער ווייסט לעקטערי,
איינער ווייסט לענין,
א צווייטער ווייסט קוילן און נאפט.
בּארימט זיך דאָס אַרמענערל שאַי־כאַלי אין הויף:
— איך קען אייך לאָזן בּאַלאָנען פון זייף!

רופט זיך אויס אַ צווייטס,
א יאטל א רויטס:
— כעוורע פּלעצל,
הערט מיט קאָפּ!
בּא אונז איז דאָ
א לאָקשן־כאָפּ.
איך קען דעם לאָקשן־טאָפּ פארקויפן
און א ריכטיק פּייקל קויפן,
נאָ־ א פּייקל אזעלעכס...

— אוועלכס???!—
איז ארויס דאָס אַרמענערל

(דאָס שוואַרצע, ווי קויל
מיט אַ צעעפּנטן מויל).
— אוועלכס?
— שוין אווינס ווי אזעלכס!
אָט, ווי בּאַ די יאַטן די קאַצן
מיט די שניפּסן די רויטע
„שטענדיק גרייטע"!

— זייַ אַזוי, ווייס איך!
כיר־כאַר־שאַר־כי!
אַ פּיקל מיינסטו?!
און איך וועל דאָקאַזשען
אַ פּאַפּירענע פּאַן...
שאַ, דאָדל, לאַך ניט,
וועסט זען, וואָס איך וועל טאָן!..

III

אַ וואָך האָט געשוויצט דאָס אָרעמענערל.
אים איז, ווי זיין טאַטן, קיין אַרבעט ניט שווער.
„כיר־כאַר־שאַר־כי",— לאַכט זיין מאַמע צום פּוצער,—
„כ'לעבּן, פון אים וועט אַרויס אַ פּיאָנער".

און דאָס יאַטל פאַרעט זיך בּאַ דער פּאָן,
אַרבּעט מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג.
אַז פאַרבּ איז דאָ,
פּאַפּיר איז דאָ,
אַ שטעקן — דאָ...
איז שוין דאָס איבעריקע גרינג.

און יענס, דאָס צווייטס,
דאָס יאַטל דאָס רויטס,
האָט גאַנגען געפּאָלגט אַפּן טויט,
געלאָפן, געיאָגט און געשוויצט
און צוגעפּאָרדינט פאַר דער וואָד
אַ פּינעף־זעקס גילן.

— איצט מוזטו מיר,
מאַמע,
קויפן אַ פּויק—
איך דאַרף זיך
לערנען
שפּילן!..

IV

ארויס זיינען יאַטן מיט אַ פּויק און אַ פאָן
די הויפּישע קינדער קוקן זיי אָן.
דאָס אַרמענערל שרייט:
— Пут катоф!
ура!..
און דאָס רויטינקס קלאַפּט אַפּן פּייקל:
— אַ—וואַ?!..
ווי אַ קלעזמער אַ רעכטער, אַן עכטער,
ווי אַ געלערנטער סאָלדאַט,
קלאַפּט ער צום טאַקט
פּונקט

ווי מע זינגט:
פויקנקלא־פעראלטער,
פויקנקלא־פעראלטער,
פויקנקלא־פעראלטער,
שטארקער קלאפ!
האָבן זיך די שכײנישע קינדער פאַרקוקט,
ביז אײנעם געוועזן זײַנען אלע אנטציקט.
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און אָפּגערעדט האָבן צווישן זיך קינדער אזוי:
„מיר, קינדער פון הויף,
קלײַבן זיך צונויף
פאַרנאכט
אַרום אכט.
אי קלײנע, אי גרויסע,
אי אַלערלײ
צו צווײ אין אַ רײ.
דאָוועדל טראָגט דעם פויק,
דאָס אַרמענערל — די פאָן.
זינגען
דאַרפן אלע אין קאָן
(„מעלאָ כאָוואַרישטשי“,
„דײס פעסן מאָיאַ“,
אָף יעדערן זאָל אָנקומען
אײן לידל כאָטיאַב...)!..
אזוי אַרויס פאַרן טויער
לעם וויטינקן מויער —
פויקנקלא־פעראלטער

פויקנקלאַ־פּעראַלטער
פויקנקלאַ־פּעראַ־טער
שטאַ־קער־קלאַפּ!!!
דערנאָך זאָלן אלע
אויסשיסן אַ געזאַ:ג
און אַוועק אַ גאַנג!

17

פאַרנאַכט.
אַרום אַכט.
אַ־ק איז גרייט.
צוגעשניטן — אויפגעניים.
זיינען אַרויס כעוורע פאַרן טויער
לעם רויטינקן מויער,
ווי געדערט אַזוי,
צו צוויי אין אַ ריי.
דאָס אַרמענערל רופט אויס:
— Пут катоф!
ура!..
און דאָוועדל אַזן פייקל טוט אַ דונער:
טראַך־טאַ־ראַ־ראַך!..
און מע דאַרף שוין גיין —
אָבער, אַז גאסן זיינען פול מיט לייטן,
האָבן זיך יאַטן צערוקט אַף די זייטן —
„מיר שעמען זיך"!..

נאָר דער פויק־שלעגער
און דער פאָנען־טרעגער
זיינען דאָך ניט קיין נאַ־ן,
זיי וועלן זיך ניט שטעלן האָר
— ווילן־זיי, וועלן זיי גיין,
אַז ניט — איז ניין!

VI

גייען זיי זיך פאָרויס
מיטן פויק און מיט דער פאָן,
אינמיטן גאס, — אויבנאָן,
אין פוס,
און צום טאַקט.
און דאָס פייקל זיך קלאַפּט:
פויקנקלאַ־פּעראַ־טער,
פּויקנקלאַ־פּעראַלטער,
פּייקנקלאַ־פּעראַלטער,
שטאַרקער — קלאַפּ!
איינס! — צוויי! — דריי!
איינס! — צוויי! — דריי!
גייען מענטשן דורך פאַרביי.

שטעלן זיי זיך אָפּ,
כאַפּן זיך פאַרן קאָפּ:
... — ווער קאָן דאָס זיין???...

פאָרן פורן דורך פאַרביי
(פורן פאָרן
פירן קאָרן),
שטעלן זיי זיך צו,
הערן זיי זיך צו:
וואָס קאָן דאָס זיין???...

פאָרן מאַשינעס דורך פאַרביי,
(ס'פאָרן מאַשינעס
אַף גומענע שינעס).
הודען און רופן,
פייפן און שטיפן,
פלוצים, — שטיי!
טו אַ קוק אַף זיי,
אַף די צוויי
(אָן זייכן דאַרף מען בלייבן
פון אַזאַ מין קאָמעדיע!..)

די טראַמוואַיען האָבן זיך צעשטעלט
(שוין אַ האלבע שאָ פאַרפעלט).
מע קען ניט דורכפאָרן —
אַזוי פיל מענטשן פאַרשטעלן די גאַסן.

נאָך דורכגעגאַנגען אַ פאָלק סאָלדאַטן
מיט שווערע האַרמאַטן,
האָבן זיי זיך צוגעשטעלט: —
צי מע קען,

צי מע מעג, —
מע מוז די יאַטן לאָזן וועג.
די „נעפּ" פֿון די טרעפּ
האָבן זיך צעבעזשעט די קעפּ,
זיך קאָם אַרויסגעקײַקלט:
— „מיר ווילן אויך זען וועד עס פּײַקלט"!

און די צווייען
זיך גייען
מיט פֿאַרנומענע בליקן.
מע קוקט?
זאָל מען קוקן!
פּויקנקלאַ־פּע־אַלטער
פּויקנקלאַ־פּערא־טער
פּויִנק־אַ־פּעראַלטער
שטאַרקער — קלאַפּ!

דערווייל האָבן קינדער
עפּשער מערער פֿון הונדערט
געלאָזן זיך גיין
אייך צו צוויי אין אַ ריי:
אַז די פֿאָן איז רויט
און דאָס פּײַקל שיט שרויט,
קענען קינדער געוויס
גיין אין פֿוס.
און אַז קינדער גייען,
קוקן עלטערע נאָך.

אף פּאָרעזנאיא קאָכט.
מע יאָגט, מע לויפט פון אלע וועגן
די פירער אנקעגן.
נאָר די מיליציע האָט פאַרשלאָפן.
זי איז געקומען צו לויפן —
אַ פויק מיט אַ פאָן,
האָט זי ווייטער ניט וואָס צו טאָן,
בעט נאָר מע זאָל היטן „פּאָריאַדאָק“:
— ניט — שלאָגט זיך.
— ניט — שטופּט זיך.
— גייט אַ־ע שיין.
— מינאַסטאַם וועלן מיר ערגעץ פאַרגיין.

VII

אלע לאָכן, קוועלן אָן,
קלייבן נאָכעס פון דער פאָן,
און דער פויקער שפּילט געשמאַק.
אָט, אַ דאָדל?!
אָט, אַ יאַט?!

דערווייל שוין אין צענטער,
אף גאַס אף דער צענטע,
די יאַטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט
פאַרן פּיאָנערישן קלוב.

— שפּאַן אף איין אָרט! —
האָט אויסגערופן איינס,
אַ יאַטל אַ קליינס.

טופּען די כעווריע מיט די פיס אָף איין אָרט
(רעדן ניט אויס צווישן זיך קיין וואָרט)

זינגען אַרויס די יונגע לענינער
מיט פאַרפלאַמטע פּענעמער
גלייך אונזי אַנקעגן
און נעמען זיך פרעגן...
פלוצים:
— Путь катоф!
דאָס אַרמענערל.
— Всегда готов!
די פּיאָנערן
(צעפרידן און גערן).
און עס האָבן געשריגן אויך אַלטע,
אי קליין, אי גרויס.
און די סימכע איז הייס.
אינמיטן מיטוואָך,
אינמיטן גאַס
אַזאַ יאָנטעוו, אַזאַ ראַש —
Брат ты наш!

VIII

איצט קענט איר שוין פאַרשטיין,
ווי די זאַך איז געווען שיין?!
עס זיינען אַוועק יעדיעס
אָף די צייטונגען-שפּאַלטן,

עס האָבן זיך אָפּגערופן אלע אנשטאלטן.
דער „מאָסשוואַי" איז אַרויס
מיט שניפּסלען אַ מײַע;
דער „מעלוכע־פּאַריאַג" —
מיט ביכלעך אַ באַרג;
דער „סאָראבקאָפּ" —
גיט צוקער — אַ קאָפּ,
דער „גאָרפּיט" —
טרעפט וואס ער גיט?
אינמיטן גאס קעסטלעך
און קיכעלעך און טיי.
ווי דען?
ניט אַזוי?
מיר מיט פייגעלעך
האָט זיך אָנגענומען צו בייגעלעך.
ניט אומזיסט.
מע האָט זיך דערוואוסט,
אַז מיר האָבן די יאטן געהיט,
ניט אָפּגעלאָזן אַף קיין טריט
פון הויף נאָר אַרויס
און ביז אַהער.

IX

ערשט שפּעטער
האָבן זיך די מאמעס דערוואוסט,
דאָדלס

און שאַי־כאַליס,
וואָס אין ש־אָט האָט זיך געטאָן
מיטן פּריק און מיט דער פֿאָן.
דאָ־לס מאמע האָט געזאָגט:
— „מיר זאָל זײַן".
שאַי־כאַליס:
— „כאַלי שהאבֿי מאלא כײנע"!..
איצט זעט איר שוין, כעוורע,
אַז די מאַיסע איז אַ שײַ־ע?!

# דאָס קעצעלע, וואָס האָט פאַרגעסן, ווי מע בעט עסן

(איבערדערציילט)

אַמאָל איז געווען אין אַ שטוב אַ קעצעלע. אין דער זעלבער שטוב זײַנען נאָך געווען זעקס פּיצינקע הינטעלעך אויך. פלעגן זיי זיך אינאיינעם שפּילן אַלע טאָג.

איינמאָל אינדערפרי, דאָס קעצעלע איז נאָר וואָס אויפגעשטאַנען און וויל זייער עסן, לויפט זי צו דער באַלעבאָסטע איר עפּעס זאָגן, ערשט זי זעט, זי האָט זיך פאַרגעסן בעטן אַזוי ווי אַ קעצעלע, און אַלץ וואָס זי האָט געקענט אויסריידן, איז נאָר געווען: האַוו־האַוו.

איז אומגעלאָפן דאָס קעצעלע אַ הונגעריקע איבער אַלע צימערן און צום סאָף איז זי אַרויסגעלאָפן אין גאָרטן און דאָרט באַגעגנט אַ גרויסן פערד.

— וואָס וויינסטו, קעצעלע? — פרעגט דאָס פערד.

— איך וויין, ווײַל איך וויל זייער עסן, — מאַכט דאָס קעצעלע, — איך וויל זייער עסן און האָב זיך פאַרגעסן, ווי אַזוי אַ קעצעלע דאַרף בעטן. איך ווייס נאָר האַוו־האַוו, דאַכט זיך, אַז קעצעלעך מאַכן אַנדערש, ווען זיי ווילן עסן?!

— דאָס איז גאָר? זאָגט דאָס פערד: און דו גייסט אום אַ הונגעריקע. איך קען דיך „שוין" אויסלערנען, ווי מע דאַרף מאַכן בעשאַס מ'איז הונגעריק. מאַך אַזוי: הי־אי־אי־אי! וועט מען דיר גלײַך ברענגען עסן.

זאָגט דאָס קעצעלע:

— קעצעלעך הירזשען ניט, אַז זיי ווילן עסן.

און איז אַוועקגעלאָפן ווייטער מיט אַ געוויין.
ערשט זי באַגעגנט די גרויע קו פון היף.

— וואָס זשע וויינסטו אַזוי, קעצעלע, אינמיטן דרינען? — פרעגט זי די קו.

— איך וויין, ווייל איך האָב פאַרגעסן ווי מע בעט עסן' און איך בין זייער הונגעריק...

— ע, — מאַכט די קו — טאַקע געווען צוליב וואָס וויינען. דאָס איז דאָך זייער גרינג. הויב אָן מוקען אַזוי ווי איך. אָט אַ הער: מו או, מו או, וועט מען דיר באַלד אַרויס־טראָגן עסן.

— ע, ניין, — מאַכט דאָס קעצעלע, — דאָס איז עפּעס קועו מוקען אַזוי, ווען זיי ווילן עסן... קעצעלעך מאַכן אַנדערש.

איז אַוועקגעלאָפן דאָס קעצעלע, ווייטער פאַרלאָפן אין פעלד און וויינט ביטער.

ט'דערהערט דאָס שעפּעלע אַ קעצעלע וויינט, פרעגט זי:

— וואָס וויינסטו, קעצעלע, אַזוי ביטער?

— וואָרום איך בין זייער הונגעריק, זאָגט דאָס קעצעלע, און איך האָב זיך פאַרגעסן ווי אַזוי אַ קעצעלע בעט עסן. האַוו־האַוו, מאַך איך, הערט מיר קיינער ניט.

— אַוואדע וועט מען דיך ניט הערן, אַז דו וועסט אַזוי מאַכן, — זאָגט דאָס שעפּעלע. — קום איך וועל דיך אויסלערנען, טייערינקע, דו מאַך, מיין קעצעלע, מע־ע־ע, מע־ע־ע! וועט מען דיר געוויס אונטערטראָגן עסן.

— אַי, ניין, שעפּעלע, — מאַכט דאָס קעצעלע, — אַזוי בעט עפּעס אַ שאָף, אַז זי וויל עסן, און קעצעלעך מאַכן אַנדערש.

און איז אַוועקגעלאָפן שוין ווײַטער אַף צוריק.

לעם מיסט־קאַסטן ט זי באַגעגנט דאָס ווײַסע הינדעלע זיך שאַרן.

— וואָס ווײַנסטו אַזוי, קיצקאַ, שטעלט זי דאָס הינ־דעלע אַ פֿ.

— איך ווײַן, איך וועל עסן און האָב פֿאַרגעסן ווי אַזוי קעצעלעך בעטן, אַז זיי זײַנען הונגעריק.

— נעבעך, — זאָגט דאָס הינדעלע, — טאָ קום, קעצעלע, וועל איך דיר ווײַזן ווי אַזוי צו טון. עפֿן דאָס מײַלעכל און מאַך ווי איך אָט: קוד־קודאַך, קוד־קודאַך! וועט מען דיר באַלד אויסשיטן עסן.

— ע, ניין, — מאַכט דאָס קעצעלע, — עפּשער בעטן אַזוי הינדעלעך, אַז זיי ווילן עסן, קעצעלעך מאַכן אַנדערש.

און איז אַוועקגעלאָפן.

דערווײַל איז אַרויס פֿון קאַמער דער שוואַרצער קאָטער אַליין און זיך אָפּגערופֿן:

— און איך וועל דיר טאַקע זאָגן, ווי אַזוי אַ קעצעלע מאַכט, ווען ס׳איז הונגעריק: גיי צו אין קיך ווי די באַלע־באָסטע זײַט די מילך איבערן קריגעלע און זאָג: מיאַו, מיאַו...

— אַ, האָט זיך דאָס קעצעלע דערפֿרייט, דאָס איז עמעס. אַזוי בעט מען טאַקע עסן.

אַוועקגעלאָפֿן דאָס קעצעלע אין דערגיך אַפֿן קיך צו דער באַלעבאָסטע אין אויסגעשריען אַ פֿאַרקלעמטע: מיאַו מיאַו...

דערזען דאָס מיידעלע, אַז דאָס קעצעלע איז אַזוי הונ־געריק, האָט זי זיך אַזש דערשראָקן.

— מיאַו קעצעלע, ווי אַזוי דו ביסט, נעבעך, הונגעריק. אַ גאַנצן טאָג, זע, פאַרוואָס האָסטו מיך ניט דערמאָנט, אַז דו ווילסט עסן

און די קליינינקע באַלעבאָסטע האָט אָנגעגאָסן דעם קע־צעלע אַ שיסעלע מיט מילך. דאָס קעצעלע האָט אויס־געלעקט די מילך און שוין מער ניט פאַרגעסן ווי ס'בעט אַ קעצעלע, ווען ס'וויל עסן.

מיאַו מאַכט עס, מיאַו, מיאַו!

# דאָס ציגיינערל

אין אַ שטאָט אין אַ גרויסער, אונטער איינער אַ קלייט אין אַ קעלער־ווינקל, האָט געוווינט אַ ציגיינערן מיט איר קליין אינגעלע.

אַ אָרימע איז זי, די ציגיינערן, געווען. און דאָס אינגעלע אַ שוואַרצינקס.

אין קלייט־פענסטער פון אויבן זיינען טייערע שפּילעכלעך אלערליי אויסגעשטעלט געווען. הענגט זיך דאָס ציגיינערל אָן אין די קלייט־פענסטער און נעמט פון די שפּילעכלעך קיין אויג נישט אַראָפּ.

פּייפעלעך סאַמע זעט ער דאָרט און שעפּעלעך מיט פאַרדרייטע הערנערלעך.

איינמאָל, ווינטער אַפּדערנאַכט, אַ גרויסער פראָסט איז אין דרויסן געווען, האָט זיך דאָס ציגיינערל פון קעלער־ווינקל אַרויסגערוקט און אין קלייט מיט שפּילעכלעך אין גרויסן פענסטער זיך פאַרגאַנוועט.

אַ פראָסט איז געווען אַ שטאַרקער. אַ נאַכט אַ לאַנגע. איז דאָס ציגיינערל צווישן די שפּילעכלעך פאַרפרוירן געוואָרן און ווי געשטאַנען — שטיין געבליבן.

גייט מאָרגן אַ מיידעלע, די מאַמע פירט זי בײַ דער האַנט, און זיי שטעלן זיך אָפּ לעם פענסטער די שפּילעכלעך באַקוקן.

— אָט דאָס שוואַרץ מענטשעלע קויף מיר, מאַמע, — בעט זיך דאָס מיידעלע.

— ס'איז אַ ציגיינערל, — זאָגט די מאַמע.

— נו, איז אַ ציגיינערל. קויף מיר אַ ציגיינערל!

גייט די מאַמע אריין, קויפט דאָס ציגיינערל אָפּ פאַר אַ גילן מיט אַ האַלבן און זיי גייען מיט אים אַהיים.

אין שטוב איז וואַרעם, איז דאָס ציגיינערל אָפּגעגאַנגען. רירט עס מיט אַ הענטעלע, מיט אַ פיסעלע. לאַכט דאָס מיידעלע. לאַכט און גלעט אים די שוואַרצע גרייזעלעך.

— אַזוי ווי אַן עמעס מענטשעלע, זאָגט זי, איז ער. איך וועל אים געבן עסן!

גיט זי אים קוכן — עסט ער, מילך — טרינקט ער. לאַכט דאָס מיידעלע, לאַכט שטאַרק און האָט ליב דאָס ציגיינערל — בעסער ווי אַלע שפּילעכלעך אירע.

זי האָט אים באַנייט און באַקליידט, מיט אים געגעסן און געשלאָפן, אַ ביכעלע אויסגעזוכט און מיט אים „אַ" און „ב" געלערנט.

וואַקסט דאָס מיידעלע, וואַקסט דאָס ציגיינערל, אַ יאָר און אַ יאָר און דאָס ציגיינערל וויל שוין מער אין שטוב ניט זיצן, צום פעלד ציט אים און צום וואַלד. און איינמאָל ניט פון וואַנען, ניט פון וואָס, נעמט ער און לאָזט זיך אַהין אַוועק. דאָס מיידעלע האָט געבענקט און זיך איבערגעבענקט.

ניט צייט געהאַט בענקען — געדאַרפט דער ליאַלקעס וויקעלעך שווענקען.

דאָס מיידעלע וואַקסט און ווערט וואָס אַ טאָג שענער. און פאַרגלוסט זיך איר איינמאָל ווייט־ווייט גיין — זען, וואָס דאָרט טוט זיך. גייט זי.

גייט טעג און גייט וואָכן, אַן וועג און אָן שטעג, פעלד־אויס און פעלד־איין, און איז אין אַ געדיכטן וואַלד אריין,

און צו אַ קורין צוגעקומען. אין קורין האָט זי קיינמאָל ניט געטראָפן, האָט זי זיך פּין אויסווייניק אָפּרוען געזעצט.

ניט ווייט איז אַ טייכעלע געלאָפן, האָט זי זיך מיט אַ קאַלטן טרונק־וואַסער דערפרישט. אַ בוימעלע יאַגעדעס דערזען, האָט זי איבערגעביסן. און ווי עס האָט נאָר אנגע־הויבן נאַכט ווערן, אַזוי איז צום קורין אַ פאַסטוך אָנגע־קומען מיט דער טשערעדע מיט זיינע.

דערזען דער פּאַסטוך אַזאַ שיינע נעבן קורין זיצן, האָט ער דעם פייל־און־בויגן פון צווישן די אַקסל אַראָפּגענו־מען, צו די פיס איר געלייגט און זי צו זיך אין קורין אַריינגע־בעטן. דאָ־ט האָט ער זי מיט קעז און פּוטער מעכאַבעד געווען, מיט מילך האָבן זיי פּאַרטרונקען, איר אַ גוטן גע־לעגער אויסגעבעט און שלאָפן באַלייגט.

פון דענסטמאָל אָן איז זי אין קורין געבליבן. דעם קורין געפּוצט און געהאָלפן די בעהיימעס און די ציגן מעלקן.

זאָגט איינמאָל דער פּאַסטוך צום מיידל: — אַז אַזאַ שיינע ווי זי, האָט ער נאָך אין זיין לעבן ניט באַגעגנט, צי וויל זי אים ניט נעמען פאַר קיין כאָסן. שוואַרצע לאָקן האָט ער און אַ טשערעדע אַ רייכע. קאָן אַף פערד רייטן און אַף אַ פּייפל די שענסטע לידער שפּילן.

— שפּילן? — זאָגט דאָס מיידעלע, — זי וויל הערן ווי ער שפּילט.

האָט ער דאָס פּייפעלע צום מויל גענומען, און אָנגע־הויבן שפּילן, האָבן די שעפעלעך די אויערן אויפגעשטעלט, די פויגעלעך — די פליגעלעך אַראָפּגעלאָזן און דאָס טייכעלע איז אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן...

— ניין, — זאָגט דאָס מיידעלע, — אַנדערש זאָל ער שפּילן.

האָט ער אַנדערש געשפּילט. זיינען באַ ציגעלעך די הערנעלעך אונטערגעשפּרונגען, די פּויגעלעך פון צוויי־געלע צו צוויגעלע געטאַנצט, און דאָס טייכעלע זיך פריי־לעך מיט אַ ניגון געלאָזן.

איז דעם מיידעלע געפעלן געוואָרן און זי זאָגט:

— נאָך אַ רעטעניש וועט זי אים פרעגן. וועט ער דאָס רעטעניש טרעפן, וועט זי זיין קאַלע זיין.

און די רעטעניש האָט זי אַזוי אויסגעזונגען:

צווישן שפּילעכלעך דער שענסטער,
צווישן מענטשעלעך דער קלענסטער,
וויל ער אין שטאָט ניט זיין,
גייט ער אין וואלד אַריין...

— איך! — האָט דאָס ציגיינערל אויסגערופן, — אין פענ־סטער צווישן די שפּילעכלעך געווען דער שענסטער, צווישן מענטשן דער קלענסטער, ניט געוואָלט איך האָב אין שטוב זיין און בין אַוועק אין וואלד אריין...

צו מאַזל איז אַ כאַסענע געווען.
פון אלע דערפער איז אים געלאָפן זען.
קעזעלעך מיט פּוטער האָט מען פון שיסלען געגעסן.
און מיקאָן נאָך דעם טאָם ביז היינט ניט פאַרגעסן.

# דאָס שיפּעלע איז אוועקגעפאָרן האַנדלען

באַם סאַמע ברעג טײַך זײַנען אַנומאָלטן געשטאַנען צוגעבונדן צען שיפּעלעך. אַלע אײנע און אײנע, און סאַמע די שענסטע איז געווען שיפּעלע די קלײנע — אַ געפאַרב־טענקע.

אײנמאָל, אין אַ קאַלטן טאָג, קומט צעיאָגן דער ווינט אױפן טײַך, זיך אַביסל שפּילן מיט די אױפגעטריבענע כוואַליעס.

פאַרגלוסט זיך דערווײַל דעם ווינט אַ שיפּעלע מיטנעמען מיט זיך, שיקט ער אַוועק אַ כוואַליע צו די שיפּעלעך און זאָגט איר אָן:

— גײ באַפּויל, אַז אַ שיפּעלע, פון יענע. זאָל שוין צו מיר צופאָרן!

— און אַז זי וועט ניט וועלן?

— טאָ קער זי איבער אָפן בויך.

— גוט — זאָגט די כוואַליע — און האָט אַוועקגעשפּאַנט צו סאַמע דער גרעסטער שיפּעלע:

— שיפּל! דער ווינט האָט געזאָגט — קום שוין צו אים!

— און אַז ניט?

— אַז ניט?

טיגענומען די כוואַליע און איבערגעקערט דאָס שיפּעלע מיטן בויך אַרויף — און זי רופט זיך שוין אָן צו דער צווייטער:

— שיפּעלע, דער ווינט וויל, שוין זאָלסטו פאָרן צו אים!

— ווײל איך ניט.
— ווילסטו ניט?
האָט געכאַפּט די כוואַליע דאָס שיפעלע און איבער־
געקערט עס מיטן בויך אַרויף ווי אַ שפּענדל.
אַזוי דאָס דריטע, אַזוי דאָס פערטע, אַלע שיפלעך
איבערגעקערט, געקומען צום צענטן, סאַמע דעם קלענסטן,
דעם געפּאַרבטן.
— שיפעלע, דער ווינט האָט געבעטן, שוין זאָלסטו צו
אים צופאָרן.
ווײַל טאַקע דאָס שיפעלע זיך שפּילן אַביסעלע אַפן טײַך,
רופט עס זיך אָן:
— זעסט ניט, כוואַליע, אַז איך בין צוגעבונדן ווי אַ הונט
אַף דער קייט.
האָט געכאַפּט די כוואַליע, געגעבן אַ ריס אָפּ שיפעלען
פון דער קייט און זיי זײַנען אַוועק צום ווינט.
איז אַרויף דער ווינט מיט די ברייטע פּאָלעס אָפּן שי־
פעלע און גענומען רידערן, פון איין כוואַליע אַראָפּ און
אַף דער צווייטער אַרויף. די כוואַליעס שפּאַרן זיך, דער
ווינט זינגט, און שיפעלען איז פריילעך.
פון איין כוואַליע אַראָפּ און אַף דער אַנדערער אַרויף,
פון איינער אַראָפּ, אַף דער צווייטער אַרויף. פון וואַנען, פון
וואָס שווימט אַנקעגן באָבריק דער הונט. שווימט און קען
זיך ניט אַרויסשלאָגן פון די כוואַליעס. אָט, אָט — נעמט ער
אָן אַ פולן מויל מיט וואַסער. דערזעען שיפעלען, נעמט זיך
באָבריק בעטן:
— שיפעלע־מאַמעלע איך טרינק זיך.

געהייסן דער ווינט אַ כוואַליע, האָט זי אַרייַנגעוואָרפן באַבריקן אין שיף אַריין. ליגט באַבריק אַ נאַסער און ציטערט, און זיי פאָרן זיך און זינגען.

שווימט אַ היפּטל קרויט אַנקעגן. די כוואַליעס גיבן אים אַ שמייס אין העפל, טיקט ער זיך אונטער און שווימט באַלד צוריק אַרויף.

דערזען דאָס שיפּעלע פאָרן, נעמט ער זיך בעטן:

— שיפּעלע־האַרצעלע, האָב ראַכמאָנעס אַף אַ היפּטל.

געהייסן ווינט אַ כוואַליע, האָט זי אַרייַנגעוואָרפן היפּטלען קרויט אויך אין שיפל אַריין.

פאָרן זיי ווייטער. דער ווינט מיט די צעלאָזענע פאָלעס, הוּנט באַבריק אַ נאַסער און ציטערט, און היפּטל קרויט טרייבט קאַטאָוועס.

שווימט אַנאָפּגעבראָכענע צווייג, אַ צעוואַקסענע, שווימט און מאַטערט זיך, וויל זי שוין דער ווינט ניט נעמען, כאַפּט זי זיך אַליין אָן אין דער קייט און שלעפּט זיך נאָך.

פון וואַנען, פון וואָס רוקט זיך די זון אַרויס אַ קיק טון, וואָס אָפּן טייך ס'טוט זיך. דערזען דער ווינט די זון, קיין גרויסע גוטע פריינט זיינען זיי קיינמאָל ניט צווישן זיך, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון שיפּל, צונויפגענומען די פאָלעס אין טיר־האַ אוועקגעפלויגן. אַפילע קיין גוטן טאָג ניט געזאָגט.

שווימט זיך שיפּעלע אָן אַ באַלעבאָס און אָן אַ רודער. שווימט און שווימט אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. באַבריק און היפּטל קרויט זיצן אינווייניק און די צווייג שלעפּט זיך נאָך. זיינען זיי אַזוי לאַנג געשוואומען, ביז זיי האָבן זיך צו אַ ברעג צוגעשלאָגן.

אַפֿן ברעג האָבן קליינע מענטשעלעך געוואוינט און אַליין אַ מעלוכע געפֿירט.

דערזען דער שוימער אַ שיף איז צוגעפֿאָרן, איז ער אַוועקגעלאָפֿן צו זייער עלטסטן דערציילן:

— אַדוני עלטסטער! אַ גרויסע שיף האט זיך לעם אונז אָפּגעשטעלט און צוויי כאַיעס זיצן אין איר, איינע מיט אויגן און איינע אָן אויגן.

האָט אויסגעקליבן דער עלטסטער צוויי שאָליכים, זיי אויסגעלערנט וואָס צו זאָגן און אַוועקגעשיקט צו די פעלזן. זייענען זיי געקומען צו שיפּעלע, זיך צוויי מאָל איבערגעוואָרפן אין דער לופֿטן און זיי זאָגן:

— געשיקט האָט אינז אַהער
דער גרויסער קייסער כאַלימיר,
גרויסע שווימער זייַנען מיר.
מיר כוזן קיינעם ניט קיין בייז,
ווי די זעסט אונז קליין און גרויס.

רופֿט זיך אָן די שיף צו באַבריקן:

— ווּעסט בלייבן באַ די קליינע מענטשעלעך?

— אויב דו וועסט צוריקוועגס מיך נעמען,— ענטפֿערט דער הינט.

רופֿט זיך אָן שיפּעלע צו היפּטל קרויט:

— וועסט בלייבן באַ די קליינע מענטשעלעך?

— אויב דו וועסט צוריקוועגס מיך נעמען,— ענטפֿערט דאָס היפּטל קרויט.

— און איך וויל,— זאָגט שיפּל,— צוויי שווימערס די בעסטע, איך וועל פֿאָרן אין עק וועלט.

זיינען אוועק די שאָליכים צום עלטסטן און זאָגן:

— אדויני עלטסטער: אַזוי האָט די גרויסע שיף געזאָגט: די כאַיע מיט די אויגן זאָל אַראָפּ צו אונז אָפן ברעג, און די כאַיע אָן די אויגן זאָל אַראָפּ אָפן ברעג. און צוויי שוויממערס זאָלן מיר איר געבן, וועט זי זיך לאָזן פאָרן אין עק וועלט אריין.

איז אַזוי געבליבן.

היינט באָבריק איז אַראָפּ אַף פּריישיקע קעסט, היפּטל קרויט איז אַראָפּ אַף מילכיקע קעסט אין שיפּערען האָט מען צוויי שווימערס געגעבן מיט עכן און טרינקען אַף דריי יאר, זאָלן זיי פאָרן און ברענגען, וואָס זיי וועלן ברענגען.

האַלב וועט זיין אונז, און האַלב אייך.

און אָפן טייך שטייען זיך די צען שיפּערך, אלע איינע און איינע, נאָר סאַמע די שענסטע איז טאָקע שיפּעלע די קליינע.

# דריי שוועסטערלעך

געווען זיינען אַמאָל דריי שוועסטערלעך. איינע האָט געהייסן זעזאַ, איינע טאַבאַ און איינע ציטאַ. גייען זיי אַלע דריי און גייען, באַגעגנט זיי אַ באַבינקע אַן אַלטע און פרעגט:

— וואו גייט איר עס, מיידעלעך, אזוי שיין?

— אין ערגעץ

— וואָס וועט איר עסן ערגעץ?

— קאַשע.

— וואָס וועט איר טרינקען ערגעץ?

— וואַסער.

— טאַ גייט געזונט.

גייען זיי זיך.

באַ זעזען געווען ווייסע האָר, באַ טאַבן שוואַרצע, און באַ ציטען געלע-גאָלדענע.

אַזוי ווי זיי גייען, שטייט אַ ווייבל און וויינט:

— באַ מיר ניטאָ קיין שיינער צאָפּ,— וויינט זי,— טרייבט מען מיך פון שטוב. מיידעלעך, שיינינקע, האַרצינקע, גיט מיר עמיצער אייערע אַ צאָפּ!

קלערט זעזאַ, און ווייס ניט וואָס צו טאָן; קלערט טאַבאַ, און ווייס אויך ניט וואָס צו טאָן, און ציטאַ, סאַמע די קלענסטע, זאָגט:

— נאָ דיר מיין צאָפּ.

גענומען דאָס ווייבל, אָפּגעשאָרן ציטיטשקען די צעפּ מיט א שאַרף שערל.

גייט זעזא מיט ווייסע האָר, טאַטא מיט שוואַרצע, און ציטעלע גייט אן אָפּגעשאָרענע, ווי אַ טעפּעלע.

געקומען אהיים, עפנט אויף דער זיידע די טיר. גייט זעזא די ערשטע, זאָגט דער זיידע:

— אָ, זעזעלע געקומען.

גייט טאַטאַ די צווייטע, זאָגט דער זיידע:

— אָ, טאַטעלע געקומען.

גייט ציטא די לעצטע, דערקענט ער זי ניט, דער זיידע, פרעגט ער:

— וועמעס מיידעלע ביסטו?

שווייגט זי, ציטיטשקע.

גייט אַוועק דער זיידע און ברענגט צופירן די באָבע, זאָגט די באָבע:

— אַז זעזא איז געקומען מיט דער צאָפּ, טאַטא איז געקומען מיט דער צאָפּ, און ציטא האָט עמיצן אָפּגעגעבן די צאָפּ, — טא זאָל זי גיין אָפּנעמען. אויב ניט, זאָל זי אפילע אַהיים ניט קומען.

איז ארויס ציטיטשקע פאַרן טיר און זעט, די הינדעלעך שלאָפן שוין, די טייבעלעך שלאָפן שוין, און דאָס קעצעלע גייט שוין אויך שלאָפן, און זי, וואו וועט זי גיין אַזוי שפּעט?

שטייט זי באַם טויער און וויל וויינען. אַזוי ווי זי שטייט, גייט אָן דאָס ווייבל, און רופט זיך אָן:

— וויין ניט, ציטעלע, באַ מיר זיצן מיידעלעך אין שפּי־נען גאָלד, קום, וועסטו אויך שפּינען.

גייט זי מיט איר.

פאָרפירט זי דאָס ווייבל אין אַ שטוב. אָף דער שטוב איז אַן אויבערשטיבל, און אַפּן סאַמע אויבערשטיבל — אַ קליין קעמערל. שטייען דאָרט אין קעמערל רעדלעך און אַרום די רעדלער זיצן מיידלעך און שפּינען גאָלד.

זאָגן די מיידלעך צו ציטיטשקען:

— ביִרישער קאָפּ, וואָס האָסטו זיך געלאָזן פירן אַהער?..

— דאָס ווייבל איז אַ בייזע, אינדערפרי גיט זי ניט קיין עסן...

— אין יאַרנאַכט לאָזט זי ניט גיין זיך שפּילן...

ווייס ניט ציטעלע וואָס צו טאָן, זאָגט זי:

— מיר'ן זען.

זאָגן די מיידלעך:

— צווי וואַסערן האָט זי, דאָס ווייבל: גוט וואַסער און בייז וואַסער.

— פאַרן שלאָפן וואַשט זי אונז אָפּ די קעפּעלעך מיט גוטן וואַסער — וואַקסן בא אונז אָן איבער נאַכט לאַנגע האָר געדיכטע.

— פאַרטאָג וואַשט זי אונז אָפּ די קעפּ מיט בייזן וואַסער, איז עס שאַרף, ווי אַ כאַלעף, טוען זיך אויס די האָר.

— און אַ גאַנצן טאָג זיצן מיר מיט הוילע קעפּ.

— און צעשפּינען אונזערע צעפּ אין ריינעם גאָלד.

זאָגט ציטיטשקע:

— גוט, מיר'ן זען.

און אליין שפּינט זי לעם רעדל איר אָפּגעשאָרענע צאָפּ אין ריינעם גאָלד.

באַנאַכט קומט דאָס ווײַבל וואַשן איטלעכן די קעפּ. גייט דאָס ווײַבל פֿון בעטל צו בעטל. געקומען צו ציטעלעס בעט, זאָגט זי:

— שלאָף, מיידעלע, שלאָף, — איך וועל דיר אָפּוואַשן דאָס קעפּעלע, וועסטו זײַן רויט ווי אַן עפּעלע. געזונטער־הייט זיך לייגן און געזונטערהייט אויפֿשטיין.

אָפּגעוואַשן ציטעלעס קעפּ און אַוועק.

געקומען אין מיטן באַנאַכט, ציטעלע טאַפּט דעם קאָפּ — שוין אָנגעוואַקסן האָר. וואָס ווייטער, ווערן זיי גרע־סער. שטייט זי אויף פּאַמעלעך, טאַפּט, טאַפּט און אָנגעטאַפּט די טרעפּ. שטייען די בעטלעך צעשטעלט און אַלע מיידע־לעך שלאָפֿן מיט אַ שטאַרקן שלאָף.

זאָגט ציטעלע שטילערהייט:

— וואָלט איך אַרויס פֿון דאַנען, וועל איך שוין אייך אויך אַרויסנעמען.

איז אַראָפּ ציטעלע פֿון איינע טרעפּ, אַראָפּ פֿון די צווייטע טרעפּ אין אַלע שלאָפֿן אין שטוב מיט אַ שטאַרקן שלאָף. געקומען אין הויף, שטייט אַ טירל אַף דריי שלע־סער פֿאַרשלאָסן און הינט געלעגן פֿאַרן טירל. זאָגט צי־טישקע צו די הינט:

— וואָס טוט מען?

זאָגן די הינט:

— מיר קענען דיך אַריבערשטעלן איבערן פּלויט, נאָר זע, זאָלסט אַן אינז ניט פֿאַרגעסן.

— גוט, — זאָגט ציטא, — און ווי אַזוי קאָן מען אייך מאַכן צוריק פֿאַר מענטשן?

— אַז ס'וועלן קומען אַזעלכע, וואָס וועלן אונז אָנרופן בא אינזערע עמעסע נעמען, וועט זיין גוט.

האט זיך איין הינט ג שפּעלט מיט די פעדערשטע פיס אַפן פלויט פון איין זייט, דער צווייטער הונט פון יענער זייט, און ציטא איז אַרויף און אַראָפּ אַזוי ווי איבער אַ לייטער, און זאָגט:

— מאַגי אין דער צייט זייט גרייט.

גייט ציטעלע איבער דער נאַכט און האָט זיך מייע. זעט זי, ס'שטייט אַ בוימעלע, האט זי זיך אונטערגעשטעלט אונטערן בוימעלע און איבערגעוואַרט ביז טאָג.

פאַרטאָג כיגענומען גיין אַ רעגן. גייט ציטעלע מיטן רעגן.

געגאַנגען, געגאנגען און פאַרגאַנגען גלייך אהיים. קלאפט זי אָן אין טיר, גייט ארויס דער זיידע און דערזעט, זאָגט ער:

— אָ, ציטעלע געקומען, און מיר זיינען אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן אָן דיר.

זאָגט ציטישקא:

— מירן היינטיקע נאַכט אויך ניט שלאָפן.

— וואָס איז? — פרעגן אלע.

— מע טאָר ניט אויסזאָגן, — זאגט ציטיטשקא.

און אַ צאָפּ איז בא ציטען געוואָרן נאָך אַ שענערע, ווי פריער.

אָפּגעגעסן אָנבייסן, גייען ווייטער דריי שוועסטערלעך זיך שפּילן — זעזא, טאטא און ציטא. גייען זיי און גייען, גייט אַ ווייבל און וויינט.

— וואָס וויינט איר, ווייבל?

— ווי אַזוי זאָל איך ניט וויינען,— זאָגט דאָס ווײַבל.— בײַ מיר פאַרפאַלן געוואָרן אַ מיידעלע.

— אַוועלכע מיידעלע?— פרעגט ציטא.

— אַזוי ווי דו אין דער גרויס.

— גוט,— זאָגט ציטא,— זייט גרייט, ווײַבל, היינט אין האַלבע נאַכט וועל איך צו אייך קומען.

גייען זיי ווייטער, שטייט אַ מיידעלע און וויינט.

— וואָס וויינסטו, מיידעלע?

— ווי אַזוי זאָל איך ניט וויינען?— בײַ מיר פאַרפאַלן געוואָרן אַ ברודערל, אַזאַ שיינינקער. איך זוך אים אין זוך, און קען אים ניט געפינען

— גיי,— זאָגט ציטא,— צו יענעם און יענעם ווײַבל, און זייט גרייט האַלבע נאַכט וועל איך צו אייך קומען.

פרעגן די שוועסטערלעך:

— וואָס איז פאַר אַ מאַיסע?

זאָגט ציטא:

— איר וועט וועלן, וועט איר אויך גיין מיט אונז, אויס־זאָגן טאָר מען ניט.

בײַנאַכט האָט ציטא גענומען אַלע ווײַבלעך מיט די מיידלעך און אַוועק צו דער בייזער ווײַבלס שטוב. שטייען די הינט פאַרן טיר'ל און וואַרטן שוין. זאָגט ציטא צו איין מיידעלע:

— ווי אַזוי הייסט דײַן ברודערל?

— כאַאים,— זאָגט דאָס מיידעלע.

— טאָ רוף אויס אין דער הייך: כאַאים, כאַאים, קום אַרויס!

צ־געגאַנגען דאָס מיידעלע צום טירל און רופט זיך אָן מיט אַ ציטערנדיקן קאָל:

— כאַים, כאַים, קום ארויס!

איז אַרויסגעשפּרונגען דער ערשטער הויט, זיך געגעבן אַ טרייסל מיט דער גאַנצער פעל און געוואָרן צוריק אַ שיין אינגל.

די אַנדערע האָט אַ רוף געטאָן איר ברודערל, געוואָרן פון צווייטן הונט אַ אינגל.

די שוועסטערלעך מיט די ברידערלעך האָבן זיך גענומען קושן. און ציטא איז אַוועק מיט די ווייבלעך איבער די טרעפּ, אָנגעטאַפּט די טירן, געקומען צו די מיידלעך. די מיידלעך שלאָפן מיט אַ שטאַרקן שלאָף. בײַ יעדערער איז דער קאָפּ מיט גוטן וואסער אָפּגעוואַשן און די האָר וואַקסן פאר די אויגן.

גענומען ציטא, אויסגעזוכט דאָס בייז וואַסער און צעגאָסן, אויפגעוועקט אין דער שטיל אלע מיידלעך. די מיידעלעך האָבן זיך גענומען אומקוקן: ווער איז?

— אוי, די מאמע! — שרייט איין מיידעלע.

— אוי, די מאמע! — שרייט אַ צווייט מיידעלע.

— און וואו איז מיין מאמע?

— און וואו איז מיין מאמע?

אַלע מיידעלעך האָבן זיך פאַנאַנדערגעוועקט און גענומען זיך פרייען.

דאָס בייזע ווייבל האָט דערהערט, איז זי געקומען צולויפן מיט ראַש, גענומען רופן די הינט, ניטאָ קיין הינט! גענומען זוכן דאָס בייז וואַסער, — ניטאָ קיין בייז וואַסער!

האָט זי גענומען זיך קאַטשען אַף דער ערד און שרייען,
און די ווײַבלעך האָבן זי נאָך גוט אָנגעשלאָגן און אַוועק
אַלע מיט אַ סימכע אַהיים.

אַלע מײדעלעך גייען און ציטא גייט אַזריער.

דערהערט אין שטאָט פֿון דער מאַיסע, איז מען זיי
אַרויס אַנטקעגן מיט קלעזמער, און ציטען האָט מען גע־
שענקט דערפֿאַר אַ שיינעם גערטנדל אין מיטן שטאָט.
יעדע מײדעלע האָט אַהין אַ בלומעלע פֿאַרטראָגן און
א נג,פֿלאַנצט, און יעדער איינגעלע — אַ בוימעלע. וויל
ציטא ניט פֿאַרשליסן דעם גערטנדל, — אַלע קינדער זאָלן
קענען גיין אַהין זיך שפּילן.

אין זעוא מיט טאַטען מיט ציטען זיינען שוין אויסגע־
וואַקסן גרויסע מײדלעך. בײַ זעזען געוואַקסן שוואַרצע האָר,
בײַ טאַטען — ווײַסע און בײַ ציטען, — סאַמע דער אינגסטער —
געלע.

— מינאַסטאַם גאָלדענע.

# הויף - כאַווײרים

דרײ כאַווײרים האָט מאָטעלע אין הויף געהאַט:

קעצעלע מורע,
כאַזערל בורער
און הינטעלע האַוו.

אײנמאָל, נאָך אַ גרויסן רעגן, איז מאָטעלע ארויס אין הויף. די כאַווײרים זײַנען אים אנקעגן געקומען.

קריכן די קינדערלעך אין קאַליוזשעס ביז די קני און מעסטן וואָסערע איז טיפער, נאָר קעצעלע מורע קריכט ניט. זי זשאַלעוועט אירע סאַמעטענע לאַפּקעלעך אין וואַסער נעצן.

קלערט זיך אָן מאָטעלע אַ שיף בויען. די קינדערלעך איז דאָס וואויל געפעלן. האָט גענומען הינטעלע מיט כאַזערלען אַ טײַך האַטען, קעצעלע מיט די נעגעלעך שטרוי שאַרן און מאָטעלע האָט פארקאַטשעט די אַרבל און זיך גענומען די שיף בויען. געמאַכט די שיף פון פּאַפּיר און פון שטרוי, גײט אָן האָן־גאַלאַגאַן, טוט אַ קרײ — קערט זיך איבער די שיף און צעפאַלט זיך.

— ע, — זאָגן די קינדערלעך, — ביסט אַזאַ קונצנמאַכער? וועלן מיר פון דיר אָוועקגײן.

שטײט אפן הויף אַ בויד אָן אויסגענעצטע און טרוקנט זיך אַף דער זון.

שטעלט זיך קעצעלע אַף הינטעלץ, כאַזערל אַף קעצעלע און מאָטעלע דערלאַנגט אים אַ האַנט. אַבי כאַזערל איז אַרויף, האָט זיך קעצעלע אַרויפגעדראַפּעט און הינטעלע איז אַרויפגעשפּרונגען. דאָ וועט זיך שוין האָן־גאַלאַגאַן ניט אַריינמישן. שפּילן זיך די קינדער און זעען גאָרניט, אַז די בויד איז פון הויף אַרויסגעפאָרן. אָפּגעפאָרן א גאַס און צוויי, און זיי ווייסן אַלץ ניט. פאָרט דורך די בויד פאַרביי א קלויסטער. געמענען דער קלויסטער־קלינגען. די קינדערלעך קוקן זיך אום: וואו זיינען זיי?

— מאַ־מע! — האָבן אַלע קינדערלעך אין איין קאָל אויסגעשריען.

דערהערט דער פורמאַן, עמיצער איז דאָ אַפן בויד, האָט ער גענומען איינציקווייס די קינדערלעך אַף דער ערד אַראָפּגעלאָזט און אַוועקגעפאָרן.

די קינדערלעך האָבן זיך פאַרקוקט אַף די פורן, אַף די מענטשן, אַנשוויגן געוואָרן אַף אַ רגע. און באַלד זיך דערמאָנט, צוריק גענומען וויינען אַף א קאָל, וואָס אַמאָל שטאַרקער.

גייט אַקוראַט א אינגעלע פון כיידער. דערזען קינדערלעך וויינען, לויפט ער אויעק און ברענגט זיין מאמע. פרעגט דעם אינגעלעס מאמע מאָטעלען:

— וועמעס ביסטו, אינגעלע?

— דער מאַמעס, — זאָגט מאָטעלע.

פרעגט זי כאַזערלען:

— וועמעס ביסטו? — דער מאַמעס...

הינטעלען:

— וועמעס ביסטו? — דער מאַמעס...

קעצעלען:

— וועמעס ביסטו? — דער מאמעס...

זאָגט דעם אינגעלעס מאמע:

— וויינט ניט, קינדערלעך, קומט, בא מיר אין קלייט איז פאַראַן שיינע זאַכן. קלייבט זיך אויס וואָס אירווילט — וועל איך אייך געבן.

פארפירט זי זיי אין קלייט אריין.

זאָגט מאָטעלע — ער וויל א רויט העמדעלע מיט אַ זיידן גאַרטעלע. נעמט דעם אינגעלעס מאמע אַראָפּ פון פאָליצע אַ רויט העמדעלע, טוט אָן מאָטעלען, פאַרבינדט מיט אַ זיידן גאַרטעלע און לייגט אים נאָך אריין אין קעשענע אַ ניסעלע.

זאָגט כאַזערל — ער וויל אַ פאָר שטיוועלעך אָף קריכן אין בלאָטע.

נעמט אַראָפּ דעם אינגעלעס מאמע פון שטאנג אַ פּאָר שטיוועלעך, טוט אים אָן און גיט אים נאָך אַ הארטע צוקערקע אָף כראָמטשען.

זאָגט קעצעלע — זי וועל אַ פּאָר ברילן. מאַיסעלעך וועט זי לייענען.

נעמט דעם אינגעלעס מאמע פון אַ שיידל אַ פּאָר ברילן ארויס, פאַרשטעקט דעם קעצעלע פאַר די אויערלעך און פאָר פלייסיקייט טוט זי דעם נאָך אָן אַ בליטשקענעם טשיפּיקל.

און הינטעלע קלערט און קלערט.

ער וויל אַ היטעלע מיט אַ גלאנציקן דאַשעק.

נעמט ארויס דעם אינגעלעס מאמע פון אַ פודל אַ היטעלע מיט אַ גלאנציקן דאַשעק, לייגט אים ארויף צווישן

די אויערלעך אַפֿן קאָפּ און טוט נאָך אים אָן אַפֿן האַלז אַ לעדערן פּאַסיקל מיט אַ גלעקעלע און זאָגט:

— היינט זיינט איר וואוילע קינדער, וואָס איר ווייגט ניט. נעמט זיך פאר די הענט און גייט צו אייערע מאמעס.

האָבן די קינדערלעך געגעבן נאָך א קוק אפֿן אינגעלע מיט זיין מאמע, פאַרקערט זיך צו דער טיר און אַוועקגע־לאָפֿן אהיים.

גייט מאָטעלעס מאַמע אָן אַקעגן און דערקענט ניט. זאָגט זי צו זיי:

— קינדערלעך, עפּשער האָט איר געזען מיין מאָטעלען? צעלאַכט זיך מאָטעלע.

— אָט בין איך דאָך, מאמע!

— טאַקע? — זאָגט די מאמע — וואו־זשע האָסטו אַ העמ־דעלע גענומען מיט אַ קוטאסל?

דערציילט מאָטעלע: אזוי און אַזוי, דעם אינגעלעס מאמע האָט א־מאטאָנע געגעבן.

גייט כאזערטע און רעדט צו זיך אליין:

— פֿון צוועלעף קינדער מיינע, דער שענסטער און דער קלוגסטער ניטאָ.

באגעגנט זי די קינדערלעך און דערקענט ניט.

— קינדערלעך, — זאָגט זי, — עפּשער האָט איר געזען וואו כאזרל בורן?

צעלאכט זיך כאזערל:

— מאמי, אָט בין איך דאָך!

— טאַקע? און ווער האט דיר שטיוועלעך אָנגעטון?

דערציילט כאזערל: אזוי און אַזוי, דעם אינגעלעס מאמע האָט אַ מאַטאָנע געגעבן.

גייט קאַץ אַלטע, דעם עק אַראָפּגעלאָזט און פאַרזאָרגט.

באַגעגנט די קינדערלעך, דערקענט זי ניט.

— קינדערלעך, עפּשער האָט איר ערגעץ געזען קעצעלע מורע?

צעלאַכט זיך דאָס קעצעלע:

— מיאַאו, מאַמע, אָט בין איך דאָך!

—טאַקע? און וואָס פאַר אַ ברילן מיט אַ טשיפּיקל טראָגסטו?

דערציילט קעצעלע: אַזוי און אַזוי, דעם אינגעלעס מאַמע האָט אַ מאַטאָנע געגעבן.

גייט הינטיכע פאַרזאָרגט: פון פינף קינדער איינער געבליבן, און דער שוין אויך ניט געסטאַיעט.

באַגעגנט קינדערלעך גיין, דערקענט זי ניט.

— קינדערלעך, עפּשער האָט איר געזען, צי באַגעגנט וואו הינטעלען האַוו?

צעלאַכט זיך הינטעלע:

— אָט בין איך דאָך, מאַמע!

— טאַקע? וואו זשע האָסטו אַ היטעלע גענומען און אַ פּאַסיקל מיט אַ גלעקל?

דערציילט הינטעלע: האַוו און האַוו, דעם אינגעלעס מאַמע האָט אַ מאַטאָנע געגעבן.

אַף מאָרגן אינדערפרי זיינען די קינדערלעך פאַרפּוצטע אין הויף אַרויס און געטראָפן האָן גאַלאַגאַן שאַרן מיט די לאַנגע פיס דעם מיסט.

האָבן זיי אים דערציילט וואו זיי זיינען געווען און וואָס זיי האָבן געזען. האָט זיי האָן גאַלאַגאַן מעקאָנע געווען.

# די באבע מיטן באַרן-בוימעלע

אַמאָל האָבן געלעבט אַ זיידע מיט אַ באבע. זיינען זיי שוין געוואָרן זייער אַלטינקע.

זאָגט איינמאָל דער זיידע:

— פארבלייב געזונט, באָבינקע, איך גיי שוין שטאַרבן.

— וואַרט אויס, וואַרט אויס, — זאָגט די באבינקע, — און אַף וועמען לאָזטו מיך איבער?

— דו וועסט ארויס אין גאָרטן, וועסטו זען, — זאָגט דער זיידע, — שוין פון יענער זייט טיר.

דאָס טירעלע האָט זיך פאַרמאַכט...

און ניטאָ שוין דעם זיידן.

האָט די באבע אויסגעזוכט א ווייס טיכעלע און זיך אני-דערגעזעצט אין מיטן שטוב אַף אַ בענקעלע וויינען אַבי-סעלע נאָך דעם זיידן.

געוויינט, געוויינט. דערנאָך האָט זי אויסגעזוכט אין אַ טעפעלע אַביסעלע ארבעס געקאָכטע און אויסגעגעסן, איז זי אַוועק אין גאָרטן.

געקומען אין גאָרטן, שטייט אַ באַרן-בוימעלע אַ אינגס, נאָך גאָר אַ אינגס.

רופט זיך אָן דאָס באַרן-בוימעלע:

— באבינקע, באבינקע, איך וואַרט אַף דיר. גראָב מיך אַרום, מאַך פעט די ערד ארום מיר און זע מיך צו, וועל איך דיר צונוץ קומען.

— איך בין שוין גאָר אַנ׳אַלטע, מאַכט די באָבע, איך קען שוין גאָרניט טון.

— נישקאָשע, זאָגט דאָס בוימעלע, טו ווי אַזוי דו קענסט, נאָר וויסן זאָלסטו: אַף מיר וועלן וואַקסן באַרע־לעך ניט קיין ווילדע, נאָר גוטע, בוימלדיקע.

אָט דאָס האָט דאָס בוימעלע געזאָגט און מער שוין ניט געוואָלט ריידן קיין וואָרט.

די באָבע האָט קיין גראָב־אייזן ניט געהאַט, האָט זי גענומען מיט אַ שטעקעלע צעגראָבן, צעגראָבן די ערד אַרום בוימעלע, אָנגעקליבן אַ קערבעלע מיסט און געמאַכט פעט די ערד. זי טוט אַ קוק — דאָס בוימעלע בליט ווי אין מילך איינגעטונקען. זי טוט אַ קוק אַף מאָרגן, די באַרע־לעך וואַקסן שוין ניט קיין ווילדע, נאָר גוטע, בוימלדיקע

נעמט די באָבע טוט אַ טרייסל דאָס בוימעלע — די באַרע־לעך ווילן ניט פאַלן.

— נאָך ניט קיין צייטיקע, — זאָגט די באָבע.

אַף מאָרגן — די באַרעלעך זיינען נאָך אַלץ ניט צייטיק — ווילן ניט פאַלן; אַף איבערמאָרגן — די באָבע טוט אַ נעם דאָס בוימעלע און די באַרעלעך פאַלן שוין.

האָט אָנגעקליבן די באָבע אַ פולן פאַרטעך מיט באַרן און ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט אַזוי פיל גוטס, איז זי אַרויס פאַרן הויף און גענומען רופן:

קינדער, קינדער, אייניקלעך,
זעט, ניט לאָזט זיך נאַרן,
די באָבע גייט פון בוימעלע
און טראָגט אין פאַרטעך באַרן.

זיינען זיך אָנגעלאָפן אלע קינדערלעך, זיך אַרומגעזעצט
ארום דער באָבען. די קינדער זיצן אין אַ ראָד און די באָבע
טיילט זיי באַרן. אָפּגעגעסן די קינדער די באַרן, האָט
גענומען די באָבע דערציילן פאַר די קינדער מאַיסעלעך.
אַ מאַיסע מיט אַ בער, א מאַיסע מיט אַ קלוגן קאָטער און
נאָך שיינע מאַיסעס.

די קינדער איז דאָס וואויל געפעלן, זאָגן זיי, אז זיי וועלן
מאָרגן ווייטער קומען.

אָף מאָרגן ט'די באָבע ווייטער א שאָקל געטון דאָס בוי־
מעלע—די באַרעלעך פאַלן, איז ארויס די באָבע פאַרן הויף
און רופט ווייטער:

קינדער, קינדער, אייניקלעך,
זעט ניט לאָזט זיך נאַרן,
די באָבע גייט פון בוימעלע
און טראָגט אין פארטעך באַרן...

גייט אַב'אלטער כאַזער, נאָר וואָס פון קאַליזשע, זאָגט ער:
— ס'א נאַרישע באָבע, זי האָט אליין ניט וואָס צו עסן
און צעטיילט יענעם די באַרן.
— ס ניט דיין אייסעק, זאָגט די באָבע, קומט קינדערלעך,
קומט.

האָבן זיך אַרומגעזעצט די קינדערלעך ארום דער באָבע
און גענומען עסן בוימלדיקע באַרן און גענומען הערן
מאַיסעס...

זיינען געקומען די מיידעלעכס מאַמעס, זאָגן זיי:
— אוי, ס'אַ טייערע באָבינקע, ווי אזוי זי שפּילט זיך עס
שיין מיט אונזערע קינדערלעך...

— און עסן האָסטו וואָס?—פרעגן די ווייבלעך.

— פאַראַן,—זאָגט די באָבע,—בא מיר באַרעלעך ווייכינקע.

— און טרינקען האָסטו וואָס?—פרעגן די ווייבלעך.

— פאַראַן,—זאָגט די באָבע,—בא מיר וואַסערל פרישינקע.

— און ווער פאַרקערט דיר די שטוב? און ווער שמירט דיר אַרום אַרום-אויוון?

— ווי אַזוי איך קען, אַזוי קער איך,—זאָגט די באָבינקע,— און ווי אַזוי איך קען, אַזוי שמיר איך...

האָבן גענומען די ווייבלעך מיט די מיידלעך, האָבן אויסגעקערט דער באָבינקע די שטוב, האָבן איר צוגעשמירט דעם אויוון, אָנגעבראַכט האָלץ און אויסגעהייצט, און איצט לויפן די קינדערלעך אַלע טאָג צו דער באָבען, די באָבע דערציילט זיי מאַיסעלעך, זינגט זיי לידעלעך. די ווייבלעך העלפן דער באָבע אין שטוב, און זונטיק אָדער יאָנטעוו גייט די באָבע מיט די קינדער אין יאַרטן זיך שפּילן און זיי שטעלן זיך ארום בוימעלע [illegible]

ווילט איר, איז שוין דאָס מאַ[illegible]גאַנצן.

# דאס אינגעלע און דאס בוימעלע

אוועק א דריבנע שנייעלע אין גאַס און גענומען אלצ־דינג אַף יאָנטעוו איבערשפּרייטן אין ווייסן. איז אָנגעקומען א אינגעלע א קליינס. ניט געווען בא דעם אינגעלע ניט קיין טאטע, ניט קיין מאמע, ניט קיין ברודער, ניט קיין שוועסטער.

גייט עס. גייט און גייט. גייט און גייט. שטייט א שטיבעלע הינטער שטאָט — אַ שיין שטיבעלע: אין ווייסן אויסגעשמירט, מיט ווייסן צוגעשפּרייט און פּיפּקעס פון קוימען מיט וויכן רויך. זעט ניט דאָס שטיבעלע, אַז אַזאַ אינגעלע שטייט נעבן דעם. איז געשטאַנען דאָס אינגעלע, געשטאַנען געקוקט, געקוקט און אַוועקגעגאַנגען ווייטער.

געגאַנגען, געגאַנגען און געגאַנגען און ווייט אין פעלד אַריין פאַרגאַנגען. איבערגעדעקט איז דאָס פעלד מיט קלאָר וויכן לייוונט — אַזוי ווי ערשט פון קאסטן אַרויסגענומען.

שטייט אין מיטן פעלד אַ באַרן־בוימעלע אַף איין פיסל. דערזען אַ אינגעלע גיין — פרעגט עס:

— וואו גייסטו עס, אינגעלע, אייניקער אַליין?

— איך ווייס וואו איך גיי — זאָגט דאָס אינגעלע און איז אַוועק ווייטער.

שטייט א יונגע קאַלע, א בערעזע א גלאטע מיט ווייסע ברעם. דערזען אַזאַ אינגעלע איינעם אַליין אין פעלד, פרעגט זי:

— וואָס זוכסטו עס דאָ, אינגעלע, איינינקער אַליין?

— איך ווייס וואָס איך זוך, — זאָגט דאָס אינגעלע, — און איז אָוועק ווייטער.

שטייט א נאָדל־בוימעלע א גרינט, מיט שני באשאָטן און וואַרט.

צוגעגאנגען דאָס אינגעלע:

— גוט מאָרגן, בוימעלע.

— גוט מאָרגן, אינגעלע. וואָס ווערסטו זאָגן גוטס?

— וואָס וועל איך זאגן? קום עפשער ווילסטו אין שטאט אַריין אַף יאָנטעוו.

— קום — זאָגט דאָס בוימעלע — איך בין נאָר דער־פרוירן, וואַרים מיך אָן אַביסעלע, כּיקע מיר אָן און טו מיך אַ שטופּ פון אָרט, וועלן מיר גיין.

גענומען דאָס אינגעלע, ארומגעטרייסלט פון בוימעלע דעם שניי, זי אנגעכּיקעט און דערוואָרעמט, דערנאָך האָט ער עס געגעבן א שטופּ פון אָרט, זיינען זיי ביידע אָוועק.

רופט זיי נאָך די קאָלע די בערעזעווע:

— קינדערלעך, קינדערלעך, טאָמער וועט איר דאָרט באגעגענען מיין כאָסן, זאָגט אים, איך וואַרט אַף אים.

— גוט, מיר׳ן זאָגן.

רופט זיי שוין נאָך דאָס באַרן־בוימעלע אויך:

— קינדערלעך, קינדערלעך, טאָמער וועט איר באַגעגענען דאָרט אין שטאָט מיינע באַרעלעך, לאָזט זיי גריסן.

— גוט מיר׳ן זיי לאָזן גריסן.

און זיי גייען ווייטער.

פֿאָרט אַ פֿויערל־אַ גרויערל מיט אַ שנייענעם וואָגן און פּראָסטענע פֿערד. דערזעען אַזעלכע אַ גייען, נעמט ער אַראָפּ דאָס היטל:

— גוט מאָרגן ליבינקע.

— גוט מאָרגן זיידעשע.

— וואו גייט איר עס אַזוי שיין?

— אין שטאָט אַריין גייען מיר, אַף יאָנטעוו.

— טא זעצט זיך צו מיר, וועט איר אונטערפֿאָרן.

— ניין, אַ דאַנק, — זאָגן די קינדער — מירן צוכוס אויך פֿאַרגיין.

האָט אַ שמייס געטון פֿויערל־גרויערל זיינע פּראָס־טענע פֿערד און איז אַוועקגעפֿאָרן.

ערשט אַ בער גייט אַף אַלע פֿיר און שלעפּט אַ שלי־טעלע נאָך זיך.

— גוט מאָרגן, פּעטער בערל.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר, און וואו גייט איר עס אַזוי אין צווייען?

— אין שטאָט אריין גייען מיר אַף יאָנטעוו.

— טא זעצט זיך, וועט איר אונטערפֿאָרן.

— ניין, אַ דאַנק, מירן צוכוס אויך פֿאַרגיין.

און אַזוי ווי זיי גייען — איז שוין די שטאָט.

שטייט אין מיטן שטאָט אַ ווייסע שטוב אַ גרויסע מיט אַ גלעזערנעם דאַך. שטייען אַרום שטוב בוימעלעך און שטייען דאָרט אינגעלעך. זיינען אַוועק דאָס אינגעלע מיטן בוימעלע און זיך דאָרט אויך אוועקגעשטעלט.

גייט אַ ווייבל. דערזעט זי אינגעלען מיט בוימעלען שטיין, שטעלט זי זיך אָפּ:

— קומט, אינגעלע מיט בוימעלע, עפשער וועט איר גיין צו מיר, וועלן מ'יר מאַכן א יאָנטעוו.

— קום.

זײַנען זיי אַוועק.

האָט מען דאָס אינגעלע אויסגעבאָדן און אָנגעטאָ'ן, דאָס בוימעלע אויסגעפוצט, און אין אָוונט האָט מען פארשפרייט די טישן, אָנגעצונדן די לאָמפּ. פידלען האָבן געשפילט, ליאַלקעס האָבן געטאנצט, דאָס פילכעגדל*) האָט געזונגען, דאָס צאפּעגדל האָט געשפרונגען, און ס'טאקע געווען א יאָנטעוו אַף א גאנצינקער וואָך, אַף א גאנצינקער וואָך.

---

* א לאַשעקל.

# רעקעקעקס

(אַ שפּיל)

די גרויסע פּראָש זיצט אַף אַ העכערן אָרט און וואַרט אַף געסט.

אַרום איר זיצן אירע אונטערטאַנער.

די גרויסע פּראָש:

— רע־קע־קעקס, רע־קע־קעקס,
הי. . ' וועלן זיין בײַ אונז גרויסע געסט,
זשאַבעס טראָגן ווייס געבעקס,
רע־־קע־־־קעקס.

אלע (מיט רעספּעקט):

— רע־־קע־־־קעקס.

גרויסע פּראָש:

— אַפן פייער ברענט אַ בעקן,
מ׳דאַרף דעם בעקן גוט פאַרדעקן.
זאָל נאָר פּרוּוון ווער אַ שמעק טון...
רע־־קע־־קעקס.

איינער פון אלע (טוט אַ שמעק):

— האַפּטשהי!

צווייטער:

— האַפּטשהי!!

דריטער:

— האפטשהי!!!

אלע:

— האפטשהי! האפטשהי! האפטשהי!

גרויסע פראָש:

— געַנוג אייך פריכען,
גענוג אייך ניסן,
גענוג אייך טרערן צו פארגיסן.
פרעגלט דזש גענכץ,
פרעגלט אייל,
מאַכט עס גוט און
מאַכט עס וואויל,
רע־־קע־־קעקס.

אלע:

— רע־קע־קעקס.

גרויסע פראָש:

— פרעגלט לאַקאָריץ אין פוטער,
זעט, ניט לעקס,
איך זאָג:
ס'איז ביטער!

איינער פון אלע (טוט אַ לעק):

— טיוף!

צווייטער:

— טיוף! טיוף!

דריטער:

— טיוף! טיוף! טיוף!

אלע:

— האפטשהי!

גרויסע פראָש:

— ווייטער פריכען,
ווייטער ניסן,
ווייטער טרערן פון פארגיסן.
איך הייס:
איידער ווער אַהע־ וועט קומען,
דאַרפן כעוורע נעמען זשומען.

איין טייל:

— האַו־האַו־האַו...

צווייטע טייל:

— מאַו־מאַו־מאַו...

גרויסע פראָש:

— אַ ניאַווק און א ביל
איז אַ נאַרישע שפּיל.
איידער ווער אַהער וועט שפרינגען,
פּרוּאווט גאָר בעסער פון גלעקער קלינגען.

איין טייל:

— האַלדיר־וואַלדיר.

צווייטע:

— גילן־גילן־גינגאָן.

ערשטע:

— האַלדיר־וואַלדיר.

צווייטע:

— גילן־גילן־גינגאָן.

אלע אינאיינעם:

— האַלדיר־וואַלדיר, גילן־גילן־גינגאָן,
האַלדיר־וואַלדיר, גילן־גילן־גינגאָן...

גרויסע פראָש (מיט פאַרגעניגן):

— רע־־קע־־קעקס.

אלע:

— רע־קע־קעקס.

איינע פון אלע (שטרעקט אויס די הענט צו דער פראָש):

— גרויסע פראָש דו, רעקעקעקס,
טאָ ווער וועלן זיין אונזערע גרויסע געסט???

אלע (שטרעקן אויס די הענט):

— טאָ ווער וועלן זיין אונזערע גרויסע געסט?

גרויסע פראָש:

— אין גאָלע גרינעם אנ׳אַלטע זשאַבע.
זי קער מיר אָן אַנ׳עלטער־באבע, —
אַזוי די־הויך,

אזוי די קורץ,
אזוי די דין,
אזוי די גרעב,
זינט — איך — לעב.

אלע:

— זינט — איך — לעב...

גרויסע פראָש:

— איינס אַ העכט
און איינס אַ שלייען,
איינס אָן ציין
און קען ניט שרייען,
רע־קע־קעקס.

אלע:

— און קען ניט שרייען,
רע־קע־קעקס.

גרויסע פראָש:

— אַ וואַסער־שפּין,
אַ לאַנגע פליג,
אַ וואנץ, אַ קאָטער
און גע־נוג,
רע־קע־קעקס.

אלע:

— און גענוג,
רע־קע־קעקס.

(אַף די רייד קריכן אָן פון אַלע ווינקלען אַ פולע שטוב מיט די גערע־
טענע געסט)

איינער פון אלע:

— גרויסע פראָש, דו רעקעקעקס,
שוין פיל די שטוב מיט אַלע געסט.

גרויסע פראָש:

— זאָלן כעוורע גיך און פיין
די גרויסע געסט מעכאַבעד זיין.

אלע (הויבן אָן ארומקריכן):

— האַו־האַו,
מאו־כ
האלדיר לדיר, גילן־גילן־גינגאָן,
האַלדיר־וו ידיר, גילן־גילן־גינגאָן,
טיוף־טיוף־נ יוף,
ד אַפּטשהי!!

(די געסט הויבן אָן ניסן).

גרויסע פראָש (בייז):

— רע־־קע־־קעקס?!

אלע (מיט שרעק):

— רע־קע־קעקס

(אין זאַל ווייזט זיך אַריין אַ ווייס הינטל אַ היפּשס און ס'שטייט פון
דערווייטנס)

איינע פון אלע:

— גרויסע פראָש, דו רעקעקעקס,
אין דער טיף פון אַלע געסט
שטייט אַזוינס,
נאָך גאָר אַ קליינס,
אַזוי די הויך,
אַזוי די גרויס,
אַזוי די קורץ,
אַזוי די גרעב —
זינט איך לעב.

אַלע:

— זינט איך ל'עב.

גרויסעפראָש (בלאָזט זיך אָן):

רע־־קע־־קעקס?!

אלע (מיט מוירע):

רע־קע־קעקס.

גרויסע פראָש:

— איך זע ניט גאָרניט אָן די ברילן,
נאָר אויב די כאַיע וועט נעמען בילן,
איז דאָס ניט קיין שניי
און ניט קיין ווינט,
איז דאָס אַ ווייס, אַ הינטיש קינד.

איינער פון אַלע:

— זעט, ס'קוקט.

צווייטס:

— זעט, ס׳בליקט.

דריטס:

— ס׳שטייט.

פערטס:

— ס׳גייט.

פינפטס:

— ס׳קריכט.

זעקסט:

— ס׳זוכט.

יבעטס:

— ס׳שמעקט.

אַכטס:

— ס׳לעקט...

גרויסע פראָש:

— רע־קע־קעקס...

אלע:

— רע־קע־קעקס.

דאָס הינטל (מאַכט אַ שריט פאָרויס און מיט אַ זיכערן טאָן):

— אָבער געפּאַקט אייך, האו,
גאָרניטן אַזוינע,
פאַרקליבן זיך, האו,

אומלייטן געמיינע,
און ווער האָט איך, האו,
געלאָזט דאָ פאַרברענגען,
זיך קלייבן אין מענגען,
האו, האו, — איר האָט אַ שיין?

גרויסע פראָש (שטיל דערשראָקן):

— רע־קע־קעקס...

אלע (שטיל):

— רע־קע־קעקס.

גרויסע פראָש (מיט אַ קרעכץ):

— גרויס די כאַרפּע,
גרויס די שאַנד
בא מיר אין לאַנד.
אין מיין גוויל
זאָל אַ הונט אזוי ציוויל
מאַכן צאָרעס אָן אַ שיר,
ווי איז מיר,
רע־אוי — קע־אוי — קעקס.

אלע:

— ווי איז אונז,
רע־אוי — קע־אוי — קעקס.

הונט (אויפגערעגט):

— האָ?!
וואָס איך הער?!

איך ציוויל
אין אייער גוויל?
איך בין ניט דער ערשטער פאליצמאַן
אַפן גאנצן פראָשן־לאנד;
איר וואָגט ניט עפּענען אָן מיר
ניט קיין טויער, ניט קיין טיר!
איר ווייסט ניט קיין געזעצען
אין די וויסטע פראָשן־נעצן?
וויסן זאָלט איר, אַז פון כאַסענעס, פון בריסן
מוז דער פאליצמאַן געניסן,
און פון געטן, פון לעוואָעס
אי בּאַ פישן, אי בּאַ כאַיעס,
אי פון לעבּנס,
אי פון טויטנס
מוז איך שינדרן זיבּן הויטן.

(די פרעש און די געסט הויבּן זיך אָן פּאמעלעכן פאנאנדערצוויקן, די גרויסע פראָש געפינט זיך באַלד).

גרויסע פראָש:

— אַריבּ אַזוי,
..אָ שטיי,
.. שריי ניט,
..ם אַריינעס,
טר..נק מיט אונז
און קיי און עס
און זיי אַ גאַסט פון מיינע געסט,
רע־קע־קעקס.

אלע:

— רע־קע־קעקס.

(דאָס הינטל הוסט זיך אויס און גייט אריין, פאַרנעמט פּלאַץ)

גרויסע פּראָש (שטיל):

— גיט אים איין אַ ביטער טראָפּן,
זאָל דאָס אים דעם קאָפּ פאַרקלאפּן.

(מע דערלאַנגט דעם הינטל קיבעד, דאָס הינטל טרינקט און ווערט פאַרקלאַפּט).

איינער פון אלע:

— איצט וועט ניט שאַטן
פאַרהאַקן די טיר,
דער באָכער איז אונזערער
מיט אַלע פיר.

צווייטער:

— איצט ניט שוויצט,
געטרייע ברידער,
לאָמיר שטיל און אָן געררודער
אים צעקנאַקן די באַקן,
אים פּלעטן דעם קאָפּ,
צעקאַטעווען דעם פּאָריץ
פון אויבן ביז אַראָפּ

(כעווערע וואַרפן זיך אַריף אַפן הונט און נעמען אים וואַרפן).

ערשטער:

— אויב אַ פּאָליצמאַן,
אַ הונטיש־מאַן,

אַ טיפּעש־מאַן,
אַני׳אַזעס־מאַן,
טאָ האַק אים
און קנאַק אים,
דעם קאָפּ אים אַראָפּ,
רעעע־קעעע־קעעקס!

אלע:

— אַ אויסקוקער,
אַ אויסנאַרער,
אַ אויסשפּירער,
אַני׳אָנפירער,
ניטאָ וועמען אירצן —
די יאָרן אים קורצן!
רעעע־קעעע־קעעקס!

(כעוורע טיילן דעם פּאָליצמאַן קלעפּ פון אַלע זייטן).

ס׳הינטל (כליפּעט):

— האו, אוי
און האו, ווײַ...

אלע:

— רעקעקעקס,
און גוט אַזוי!..

גרויסער פראָש:

— רעקעקעקס.

**אלע:**

— רעקעקעקס.

גרויסע פּראָש:

— איצט ניט שוויצט
און קומט אַהיים,
לאָזט דעם אומלייט
דאָ אַליין,
רע־קע־קעקס.

אלע:

— גיין איז גיין,
בלייבט ער ליגן דאָ אַליין.

(אַלע גייען).

איין טייל:

— האַלדיר־וואַלדיר.

צווייטע טייל:

— גילן־גילן־גינגאָן.

אלע:

— האַלדיר־וואַלדיר, גילן־גילן־גינגאָן,
האַלדיר־וואַלדיר, גילן־גילן־גינגאָן.

סיהינטל (בלייבט אַליין):

— האָו, אוי,
און האָו, ווי,
און וואו איך שטיי

און וואו איך גיי,
ראַק מע שלאָגט,
ראַק מע פּלאָגט —
אַ פּאָליצמאַן,
אַניאַזעס־מאַן...

(אַ אינגעלע לויפט אַריין און קלינגט מיט שליסלען).

— טירליי־טירליי־טירליי,
ווער קרעכצט עס דאָ אַזוי.
די שפּיל איז געענדיקט,
די שאָ איז פאַרביי.

. . . . . . . . . . .

פילגעשעצטער הונט,
איר מוזט די זאַך מיר לאָזן פריי!..

(דער הונט רוקט זיך אַרויס, קרעכצנדיק. דאָס אינגעלע דרייט זיך דורך און צום אוילעם):

— די לאָמפּן פאַרלאָשן,
די טירן פאַרמאַכט.
איצט זייט איר צופרידן?

. . . . . . . . . . .

א גוטינקע נאַכט.

. . . . . . . . . . .

אָט דאָס איז די שפּיל,
און וואָס איך פאַרמאָג.
איצט זייט איר צופרידן,
אַ גוטינקן טאָג.

# אָקסן

געווען אַמאָל בּאַ אַ אידן צוויי אָקסן. זיינען זיי נאָך אלץ געוואקסן.

געוואקסן און געוואקסן, און אויסגעוואקסן העכער פון דער שטאָל און גרעסער פון דער שטוב. יעדער אָקס איז אַזוי אָ אין דער הויך און אַזוי אָ אין דער גרויס.

הערנער געווען בּאַ די אָקסן — ווי די בּוימער, אויגן — ווי די קנוילן, און פיס — ווי די לאָפּעטעס.

גייט אַ אינגעלע אַ קליינס, רופט ער זיך אָן:

— אָן אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קאָן קיין שויפער ניט בּלאָזן!

זיינען געוואָרן די אָקסן אין קאַס און ארויפגענומען דאָס אינגעלע אַף די הערנער. ט'דערזען דאָס אַ ווייבּל, איז זי אוועקגעלאָפן גלייך צום שויכעט.

זאָגט דער שויכעט:

— אָקסן? מע דאַרף זיי קוילן, אַזעלכע אָקסן.

רופן זיך אָן די אָקסן:

— מיר וועלן בּעסער דיך קוילן.

זאָגט דער שויכעט:

— וואו וועט איר נעמען אַ כאַלעף?

זאָגן די אָקסן:

— מיר קאָנען אָן אַ כאַלעף! — און זיך צעיאָגט צום שויכעט מיט די הערנער. האָט זיך דער שויכעט דערשראָקן

און איז קוים אַנטלאָפֿן אַ לעבעדיקער. זעט דאָס ווײַבל — ס׳גאָרניט, איז ז׳ אַוועק צום מיליציאָנער.
זאָגט דער מיליציאָנער:
— אָקסן? מע דאַרף זיי פֿאַרשפּאַרן אין טורמע, אַזעלכע אָקסן.
זאָגן די אָקסן:
— מיר וועלן בעסער דיך פֿאַרשפּאַרן אין טורמע.
האָט גענומען איין אָקס, געגעבן אַ פּיר דעם מיליציאָנער צום וואַנט, דער צווייטער — צוגעשפּאַרט אים מיט די הערנער, שטייט ער נאָך דאָרט ביז היינט.
און די אָקסן זיינען נאָך אַלץ געוואַקסן.
זאָגט צו זיי דער איד — גענוג אייך וואַקסן, קעלבער איר אַזוינע, שוין צייט אייך עפּעס טאָן.
— וואָס זאָלן מיר טאָן? — פֿרעגן די אָקסן.
— וואָס הייסט וואָס? נאַט אייך אַ טאָרבע אַף די הערנער און גייט אין דאָרף אַריין קאַרטאָפֿל בעטן.
האָבן אָנגעטאָן די אָקסן טאָרבעס אַף די הערנער און זיך געלאָזן גיין. גייען זיי און גייען, די אָקסן, גייען און גייען און קומען צום ערשטן דאָרף. זיצט זיך אַ פֿאַרשוין אַפֿן טויער. פֿרעגן די אָקסן:
— פֿאַרשוין, ווי אַזוי רופֿט מען דיך?
— מיך? — אַנדריי.
האָבן זיך צעלאַכט די אָקסן, גענומען דרייען מיט די טאָרבעס איבער דער ערד און רעווען:
— אַנדריי, גיי אין שטייג, לייג אַן איי.
האָט זיך אַנדריי זייער דערשראָקן און גענומען לויפֿן.
האָבן דערזען די ווייבער — אַנדריי לויפֿט, און זיי נאָך אים.

דערזען די כאַזיירים — מע לויפט, האָבן זיי אויך גענומען לויפן. די הינט לויפן, די קעץ לויפן, די הענער קרייען, די שאָף מעקען, די הינט בילן, די כאַזיירים קוויטשען.

איז אַרויס מוישע דער גיבער און זאָגט:

— בעהיימעס, וואָס קוויטשעט איר? וואָס לויפט איר?

זאָגן זיי:

— אַנדריי לויפט.

זאָגט אַנדריי:

— וואָס זיינען דאָס פאַר א אָקסן, וואָס פאַרן טויער שטייען?!

איז אַוועק מוישע דער גיבער צו די אָקסן, זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן טויער, און רופט אויס:

— אָקסן, נאָך וואָס זייט איר אַהער געקומען?

— מיר? מיר זיינען געקומען ציגל קנעטן.

— נאָך וואָס נאָך זיינט איר געקומען? — האָט מוישע ווידער געגעבן אַ געשריי שוין מיט אַ קאַס.

— מיר? — האָבן זיך די אָקסן דערשראָקן, — מיר זיינען געקומען ברויט בעטן.

— גוט, — זאָגט מוישע: — אָט אַזוי רעדט. וואַרט צו אַ ווײַלע, וועל איך אייך אָנבינדן אַ וועגעלע צום עק און אָנשיטן ברויט. איז אַוועק מוישע דער גיבער צום שמיד, האָט דאָרט אויסגעקליבן דעם גרעסטן אַקער, אים אָנגעבונדן די אָקסן און זאָגט:

— איר, אָקסן, גייט, איך וועל אייך שיטן ברויט.

זיינען אַוועק די אָקסן איבער איין פעלד און אים צעאַקערט, אַוועק איבערן צווייטן פעלד און צעאַקערט, און מוישע גייט נאָך נאָכן אַקער.

אויסגעאַקערט איין פּאַס, טרייסלט ער אָפּ דעם אַקער, קערוועט זיך אויס און ווייטער געגאַנגען; אַזוי צעאַקערט אַלע פעלדער אַרום דאָרף.

— איצט, — זאָגט מוישע, — זייט איר וואוילע אָקסן, גייט עסט פּאַשע און איך וועל זייען קאָרן. אַז ס׳וועט אויס־וואַקסן, וועל איך אייך געבן ביילעק.

פונדעסטמאָל אָן זיינען געבליבן די אָקסן אין דאָרף אַף אַלע יאָרן. זומער אַקערן זיי די פעלדער און עסן גראָז, ווינטער פירן זיי זעק אין מיל אַריין און עסן מעל מיט קלייען. אַ זעקל אַריין, אַ זעקל אַרויס, און די מאַיסע איז אויס.

# מוישע דער גיבער

מוישעלע דער קלײנער איז אַוועק אין וואַלד עפּעלעך זוכן. געזוכט־געזוכט, און איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן. קען ער אהײם ניט טרעפן.

קלערט מוישע, וואָס זאָל ער טאָן.

— װײנען,—טויג ניט — ס'ניט שײן. רופן,— וועט זיך דאָ קײנער ניט אָפּרופן — דאָ איז װילדער װאַלד.

באַקלערט זיך מוישע, ער וועט אַוועקגײן װײטער און װײטער און וועט בלײבן דעם וואַלד היטן. און שפּעטער, שפּעטער וועט ער נאָך קענען װערן אַ וואַלד־גיבער אויך.

גײט ער.

אַזוי ווי ער גײט, שטײט אַ ציגעלע און פּאַשעט זיך. רופט זיך אָן דאָס ציגעלע:

— אינגעלע, אינגעלע, פּאַשע מיך אָן און זע מיך צו. וועסט: באַ מיר קריגן מילך אַלע טאָג.

— וועסטו מיר געבן אַן עמער מילך אַ טאָג?

— צו אַ קלוגער ביסטו,— זאָגט דאָס ציגעלע.

— נו, אַז צו אַ קלוגער, טאָ זוך זיך אַנדערע,— זאָגט מוישע,—און איז אַוועקגעגאַנגען װײטער.

גײט ער און גײט, גײט און גײט, שטײט אַ שעפּעלע און פּאַשעט זיך. זאָגט דאָס שעפּעלע:

— אינגעלע, אינגעלע, פּאַשע מיך אָן, זע מיך צו, וועל איך דיר געבן גוטן פּוטער, שאָפּענעס.

— דו קענסט מיר געבן אַ שעפּל פּוטער אַ טאָג?
— צו אַ קלוגער ביסטו, — זאָגט דאָס שעפּעלע.
— אַז צו אַ קלוגער, טאָ זוך זיך אַנדערע, — זאָגט מוי־שע, — און איז אַוועק ווייטער.
האָט ער געפּעלט דעם ערשטן ברונעז, געפּעלט דעם צווייטן, געקומען צום טייך. שטייט אַ קיעלע און פּאַשעט זיך. רופט זיך אָן דאָס קיעלע:
— אינגעלע, אינגעלע, זע מיך צו, פּאַשע מיך אָן, וועסטו באַ מיר זיין זאַט מיט קעז און מיט פּוטער.
— דו וועסט מיר געבן אָן עמער מילך אַ טאָג, אַ שטיין קעז און אַ שעפּל פּוטער?
זאָגט דאָס קיעלע:
— מאַך מיר אויף אַ שטאַל פון צווייגן, דעק זי צו מיט ווייכע בלעטער, גיב מיר אינדעפּרי אַ קאַלטן טרונק, פאַר־נאַכט אַ וואַרעמען, — וועל איך דיר געבן אַ עמער מילך, אַ שטיין קעז און אַ שעפּל פּוטער.
גענומען מוישע אָנגעבראָכן צווייגן, אַריינגעקלאַפּט פלעקער אין דער ערד און אויסגעפלאָכטן אַ גוטע שטאַל, באַדעקט זי מיט ווייכע בלעטער, און פאַרטריבן אַהין דאָס קיעלע. אינדערפרי טיער איר געגעבן אַ קאַלטן טרונק, פאַר־נאַכט אַ וואַרעמען, האָט דאָס קיעלע אים געגעבן צוויי עמער מילך, צוויי שטיינער קעז און צוויי שעפּעלעך פּוטער. און מוישעלע שלאָגט אויס פון שטיינער פייער און צעפּירט אַ שייטער, קאָכט זיך אָן שוואָמען, באַגיסט מיט מילך, באַ־שמירט מיט פּוטער און עסט.
טרייבט איינמאָל מוישעלע דאָס קיעלע פון פּאַשע. דורכ־געגאַנגען דעם ערשטן ברונעז, דורכגעגאַנגען דעם צווייטן

ברונען, ערשט לעם טייך שטייט אַ וואָלף און ברענט מיט ביידע אויגן.

רופט זיך אָן מוישע צום וואָלף:

— עי, דו, גיי בעסער אַוועק מיט גוטן, אַז ניט — דערשיס איך דיך.

גייט דער וואָלף אַוועק און קערט זיך אום, גייט אַוועק און קערט זיך אום, און דאָס קיעלע האָט זיך מוירע גיין אין שטעלעכל אַריין. איז מוישע געוואָרן אין קאַס, אראָפּגענומען דעם פייל און בויגן, געגעבן אַ פּוי דעם וואָלף. האָט זיך דער וואָלף איבערגעקערט. האָט מוישע פאַרוואָרפן דעם וואָלף אין טיפן וואַלד און איז אַוועק מיטן קיעלע אַהיים.

אַף מאָרגן גייט ווייטער דאָס קיעלע פון פאַשע. דורכגעגאַנגען דעם ערשטן ברונען, דורכגעגאַנגען דעם צווייטן, געקומען צום טייך — שטייט אַ בער און וואַרט.

רופט זיך אָן מוישע צום בער:

— עי, דו, גיי בעסער אַוועק מיט גוטן, אַז ניט שיס איך דיך.

גענומען דער בער און אַוועק.

הערט מוישע ווי דער בער באַרימט זיך:

— איך וועל אים סאַי־ווי־סאַי ניט שענקען; באַנאַכט קום איך, און גאַנווע צו דאָס קיעלע.

קלערט זיך מוישע:

— גוט, אַבי איך ווייס.

האָט ער גענומען, אויסגעפלאָכטן פון צווייגן אַ קיעלע מיט פיסלעך און מיט הערנער. פאַרשטעלט אין שטאַל אין אַ ווינקעלע און דאָס עמעסע קיעלע האָט ער באַהאַלטן.

געקומען באַנאַכט דאָס בערעלע, זיך געגאַנוועט און גע־גאַנוועט, ער זעט: קיינער איז ניטאָ, האָט ער זיך אַריינ־געדוקט אין שטאָל און געגעבן אַ כאַפּ דאָס הילצערנע קיעלע אין מויל און זיך גענומען וואַרגן, און הוסטן:

— קכאַר־קכאַר־קכאַר־קכאַר! ראַטעווע מיך, אינ־געלע!

זאָגט מוישע:

— היינטיקס מאָל שענק איך דיר, נאָר זאָלסט מער קיין נאַר ניט זיין, — און אַרויסגעשלעפּט באַם בער פון מויל די שטעקעלעך און די פּלעקעלעך, נאָר איין לאַנגע צווייג איז געבליבן שטעקן טיף אין האַלז. האָט גענומען מוישע, פאַרקאַטשעט די אַרבל, אַריינגעשטופּט די האַנט טיף־טיף, און אַרויסגעשלעפּט.

האָבן זיך געשטעלט באַם בער טרערן אין די אויגן און ער האָט גענומען קושן מוישען און האַלזן:

— קום — זאָגט ער — צו מיר פאַרנאַכט צוגיין, וועל איך דיר געבן האָניק, וויפל דיין האַרץ גלוסט.

און מוישע זאָגט:

— קום צו מיר אויך, איך וועל דיר קאָכן זיסע קאַשעס, וועסטו עסן און האָבן הנאָה.

האָבן זיי זיך געגעבן ביידע די הענט און געוואָרן כאַווער אף אייביקע יאָרן. דער בער גייט צו מוישען עסן קאַשע, און מוישע גייט צום בער נאָך האָניק. ביז מוישע איז געוואָרן אַ גרויסער גיבער, שוין געהאַט אַ פערד מיט אַלדאָט גוטס. זיצט איינמאָל מוישע באַם טייך און שפּילט זיך מיטן בער. ער גיט אַ קוק, ס׳פאָרט אַ בויד מיט ציגיינער. זאָגט דער בער:

— פאַרקויף מיך צו די ציגײַנער.

— איך וויל אָן דיר ניט זײַן, — זאָגט מוישע.

— נישקאָשע, — ענטפערט דער בער, — איך וועל גיך קומען צוריק. איך וועל זיך אַרויסגאַנווע'ענען און קומען צו־לויפן.

פאָרן אָן די ציגײַנער. רופט זיך אָן מוישע:

— ציגײַנער, ציגײַנער, ניט מײַנער, ניט דײַנער, קויפט בײַ מיר אַ געלערנטן בער.

— ווי אַזוי הייסט ער? — פרעגן די ציגײַנער.

— בערל־מערל, הייסט ער.

— און צוקער עסט ער?

— אַבי גיט — וועט ער עסן.

אויפגעעפנט בערל דעם מויל, וואַרפן אַרײַן די ציגײַנער אַ שטיקל צוקער. גענומען דער בער — צעכראָמטשעט, צע־כראָמטשעט, און אויפגעגעסן.

— אַף צוויי פיס שטייט ער?

— אַנו, — זאָגט מוישע דעם בער: — „קיקס, פליקס!"

זיך אוועקגעשטעלט דער בער אַף צוויי פיס. די ציגײַנער שפּילן, דער בער טאַנצט.

זאָגן די ציגײַנער:

— ס'שוין דאַווקע איינמאָל אַ געלערנטער בער. וואָס ווילסטו פאַר אים?

— וואָס וועט איר געבן?

— יאַם־קאַרעלן ווילסטו?

— ניין.

— פימסן־האַלץ ווילסטו?

— ניין.

— צען שטיק זילבער נעמסטו?
— ניין.
— טאָ וואָס ווילסטו?
— איך וויל, איך וויל אַ יענץ אָ מיידל, וואָס זיצט בּאַ אייך אין דער לעצטער בּויד!

האָבּן געקלערט די ציגיינער און געקלערט, זיך געאייצעט און געסוידעט, בּיז זיי זיינען מוסקים געוואָרן: ארויסגעלאָזן אים דאָס מיידל פון בּויד, און ארויפגענומען דעם בּער.

— דאָס מיידל, — זאָגן די ציגיינער, — איז פון לעמבּעריק. איר טאַטע איז אַ סויכער, כאַפּן האָבּן מיר זי געכאַפּט צוריק מיט צוויי וואָכן. שוין דאַווקע איינמאָל אַ וואויל מיידל, זייט געזונט!

— פאָרט געזונט.

די ציגיינער זיינען אַוועקגעפאָרן און מוישע איז אַוועק מיטן מיידל אין שטוב צו זיך. געקומען צו דער שטוב, וויל דאָס מיידל ניט אַריין און וויינט.

— וואָס וויינסטו? — פרעגט מוישע.

— איך האָבּ זיך מוירע — זאָגט דאָס מיידל — טאָמער בּיסטו אַ גאַזלען.

— איך בּין ניט קיין גאַזלען, — זאָגט מוישע, — נאָר אַ גיבּער: שלעכטע באַשטראָף איך און גערעכטע קום איך צו הילף. מעגסט גיין צו מיר אין שטוב.

אינדערפרי האָט דאָס מיידל אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען, זיך אויסגעגלייכט, איז געוואָרן ליבּ אָף איר אַ קוק צו טאָן.

זאָגט מוישע:

— מיידל, וואָס איז דיין פאַרלאַנג? ווילסטו אַהיים — פיר איך דיך אָפּ דורך די וועלדער און דורך די פעלדער

גליך קיין לעמבעריק צו דיין סאטן; אז ניט — בוי איך דיר אויס אַ פּאַלאַץ דאָ אין מיטן וואַלד און זיי מיט מיר.

— אַהיים וויל איך ניט, — זאָגט דאָס מיידל, — ווי באַלד דו ביסט אַ גיבער און קיין גערעכטע טשעפּעסטו ניט, ביסטו מיר געפעלן און איך בלייב דאָ מיט דיר.

גענומען מוישע, פאַרבונדן צוויי בוימער מיט די צווייגן איינעם צום אַנדערן — אַ סימען: זיך פאַרקנאַסט מיטן מיידל

— און די כאַסענע וועל איך מאַכן — זאָגט מוישע — ניט פריער ווי דער בער וועט קומען, און איך וועל האָבן אַכציק גיבוירים אונטער זיך.

גייען פון אַלע שטעט אינגלעך זיך פאַרשרייבן צו מוישען דעם וואַלד־גיבער: ווער ס'וויל — זאָל זיך אויסרופן, ווער ס'ווייסט ניט דעם וועג — זאָל ער קומען, וועט אים דער בער פאַרפירן.

דער בער גייט אַרום אין די נאָענטע וועלדער. אַזוי ווי קיינער ט'אים ניט געהערט, אַזוי האָט אים קיינער ניט געזען.

# טאַטעשי, טאַטעשי, זײַ ניט אַזוי...

(אַן׳אוקראַיניש פאָלקס־מאַיסעלע)

געלעבט האָבן אַמאָל אין אַ דאָרף אַ פּויער מיט אַ פּויערטע. האָבן זיי געהאַט אַכאַך קינדער: אי זין, אי טעכטער. זיינען אַלע קינדער געווען ווי אומעטום קינדער.

און די עלטערן האָבן פון זיי אַלע געקליבן נאַכעס, כוץ דער אינגסטער טאָכטער, פּראַסיען, וואָס זי איז געווען אַ אומגליק פאַר דער שטוב. זי איז דאַווקע אויסגעוואַקסן, פּראַסיע, אי אַ הויכע, אי אַ געזונטע און מיט אַלע מאַילעס. אָבער דער כעסאָרן איז איר, וואָס זי האָט געהאַט, האָט פאַרבויגן אַלע מאַילעס: זי איז געווען זייער אַ פוילע. ס׳האָט געמעגט זיין אַרבעט אין שטוב איבערן קאָפּ, האָט זי קיינמאָל ניט אַ קלאַפּ געטאָן קיין פינגער אין קיין פינגער. אַז יענער קאָכט איר אָפּ — עסט זי אויף, אַז עמעצער נייט אויף — טוט זי אָן.

און אַז מע בעט איר אויס — לייגט זי זיך שלאָפן.

אַז די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן, האָבן אָנגעהויבן קומען מעכוטאָנים און אויסשאַדכענען זיך די קינדער: וועמען פאַר אַן׳איידעם און וועמען פאַר אַ שנור, און אַזוי האָבן קלים מיט קלימיכען אַלע קינדער אויסגעגעבן, ביז ס׳געקומען צו דער אינגסטער — דער מיזינקע. קומען צו גיין מעכוטאָנים, ס׳געפעלט זיי פּראַסיע, וואָס זי איז אַזאַ

געזונטע. פאַרנויגן זיי זיך און רופן זיך אָן צו פּראָסיעס טאַטן, צו קלימען:

קלים, קלים, זיין ניט קיין שלעכטער,
מיר זיינען געקומען צו דיר,
דו זאָלסט אונז געבן פאר אַ שנור
די אינגסטע פון דיינע טעכטער.

רופט זיך אָן די מוטער צו די מעכוטאָנים:

— איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס, מיינע טייערע, די טאָכטער אונזערע איז דאַווקע אַ שיינע און אַ פיינע מיט אַלע מאַילעס, אָבער מען קען באַ איר ניט פריעלן זי זאָל כאָטש טון אַ האַנט אין קאַלטער וואַסער.

הערן די מעכוטאָנים אַזאַ מאַיסע, לאָזן זיי אַראָפּ די קעפּ און רוקן זיך פּאַמעלעכן אַרויס פון שטוב.

אַזוי איין פּאָר מעכוטאָנים, אַזוי די צווייטע און די דריטע. איינמאָל אין אַן אָפּדערנאַכט קומען צופאָרן מעכוטאָנים פון אַ ווייטן דאָרף. גייען זיי אַריין, טוען אויס די היטלען, שטעלן אַוועק אַפן טיש ווײַן מיט פאַרבייסן, דערנאָך זעצן זיי זיך אויס אַפן לאַנגן באַנק און זיי זאָגן:

— קלים, קלים, ס׳זיינען צו אונז דערגאַנגען קלאַנגען,
דו קלייבסט פון דיין פעלד די געראָטנסטע זאַנגען,
דיין טיש איז זאַט, דיינע טעכטער צעוואַקסן.
דו גיב אונז דיינע קיען,
מירן דיר געבן אונזערע אָקסן.

רופט זיך אָן קלים צוריק אויך מיט אַ גראַם:

— אייגענע מענטשן איז מיר ניט ליב צו נאַרן.
מיין טיש איז זאַט,

מײַנע־טעכטער זײַנען־צעוואַקסן,
נאָר זײַט װיסן, ליבע האַרן,
אונזערע קיען האָבן ניט די װערט אײערע אָקסן.

און ער האָט זײ דערציילט, וװי זײַן טאָכטער איז אַזױ דאַװקע מיט אַלע מאַילעס, נאָר זי פֿוילט זיך טון אפילע אַ האַנט אין קאַלטער װאַסער און ס׳איז צו איר גאָר קײן שום אײצע ניטאָ.

קוקן זיך איבער די מעכוטאָנים צװישן זיך און רופן זיך אָן:

— אויב מיר שטײען אײַך נאָר אָן פּאַר מעכוטאָנים, טאָ גיט אונז אָפּ אײער טאָכטער פּאַר אַ שנור, װאָרום מיר האָבן פּאַר אַזעלכע זאַכן קײן מוירע ניט. בא אונז װעט זי טון אַלץ װאָס מ׳װעט דאַרפֿן.

— װי אַזױ װעט איר עס בא איר פּויעלן? — דערפרעגן זיך פּראָסיעס עלטערן זײער נײגעריק.

ענטפערן די מעכוטאָנים:

— װאָס דאַרף עס אײַך אַרן? איר װעט שוין אַ סימען האָבן גרײטערהײט.

— נו, גוט.

האָט מען אויפגעפּעפּנט די פלעשער, מ׳האָט געטרונקען אַ לעכאים און אין אַ כוידעש אַרום האָט מען אָפּגעפּראַװעט אַ כאַסענע און אַװעקגעפירט די יונגע שנור אַהײם.

אינדערהײם בא כאָסן האָט מען זיך געפרײט נאָך זיבן טעג מיט זיבן נעכט. דערנאָך זײַנען זיך די מעכוטאָנים צעפאָרן, דער אוילעם האָט זיך אויסגעניכטערט פון דער כאַסענע און יעדערער האָט זיך צוריק גענומען צו זײַן אַרבעט.

דער אינגער שנור האָט די שוויגער געהייסן זי זאָל אָנשיטן פּראָסע אין סטאמפּ און אָנשטויסן הירזש אַף קאַשע.

דערהערט די שנור אַזעלכע רייד, רופט זי זיך אָן:

— אָט אָ באַלד צעוואַרף איך זיך. באַ מיין טאַטן האָב איך קיין איידלערע אַרבעט ניט געטון, וועל איך זיך דאָ שטעלן פּראָסע שטויסן. —

טוט זיך יעדערער אין שטוב זיין אַרבעט או פּראָסיע די אינגסטע שנור, זיצט זיך באַ אַ זייט די הענט צונויפגעלייגט און ס'רירט זי קיין קויל ניט.

געקומען צו וואַרמעס, האָט גענומען די שוויגער גרייטן צום טיש און דערלאַנגען עסן אין די שיסלען. יעדערן האָט זי אָנידערגעלייגט אַ לעפל אַ געשניצטן און איבערגעלאָזן אַן אָרט באַם טיש און דער אינגער שנור האט זי אי קיין לעפל ניט אנידערגעלייגט, אי קיין אָרט באַם טיש ניט געלאָזן.

זיצט זיך פּראָסיע באַם זייט אַ באַרויגעזע. עסן גלוסט איר, אַז די נעשאָמע קריכט, אָבער זי זעט, אַז ס'שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך.

אַף מאָרגן צעט־לט די שוויגער איטלעכן די שטובאַרבעט און פּראָסיען הייסט זי ווייטער אויפשטויסן הירזש אַף קאַשע.

— ג ט — זאָגט פּראָסיע. — זי וועט אויפשטויסן. — און זי רירט זיך דערווייל ניט פון אָרט. אַזוי איז זי געזעסן און געזעסן, דערנאָך האָט זי זיך אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען אַזוי ווי אַ נעכטיקע צום סטאמפּ, האָט געגעבן איין קלאַפּ מיטן טוקאַטש און זי זאָגט, אַז זי האָט זיך איינגעמידט, די

הענט ט'ען שוין איר ווײ. און זי האָט זיך צוריק אוועק־
געזעצט אַף איר פריערדיקן אָרט.

אַלע טוען זייער אַרבעט און זי זיצט און קוקט.

געקומען צו וואַרמעס האָט די שוויגער געגער־ט צום
טיש, האָט דערלאַנגט עסן אין די שיסלען, דערנאָך האָט
זי אַוועקגעלייגט יעדערן אַ לעפל אַ געשניצטן און פּראָסיען
אויך אַ לעפל מיט זעקס קאַרבן (ווייל זי איז געווען אין
שטוב די זעקסטע) און איר איבערגעלאָזן אַ שיינעם אָרט
באַם טיש.

פּראָסיע האָט זיך שוין זייער אויסגעהונגערט, איז זי
געוואָרן פריילעך, וואָס מ'האָט איר געלאָזן אַנ'אָרט באַם
טיש, זי האָט זיך קוים דערוואַרט, אַז אַלע זאָלן אָנהויבן
עסן, האָט זי זיך שוין אויך צוגעכאַפּט, אבער ווי נאָר זי
האָט אויפגעגעסן די ערשטע לעפל קאַשע, האָט באַ איר
דער שווער אַרויסגענומען דעם לעפל פון האַנט און די
שוויגער רופט זיך אָן צו דער שנור:

— גענוג, מיין קינד, דו האָסט איין שטיס געטאָן די
פּראָסע, האָסטו שוין אופגעגעסן איין לעפל קאַשע. מערער
נעמט זיך דיר ניט אָן. האָט זיך פּראָסיע אָפּגערוקט פון טיש
זייער אַ פאַרשעמטע.

אַף מאָרגן האָט שוין פּראָסיע געגעבן צוויי קלעפּ מיטן
טוקאַמש, האָט מען איר געגעבן צוויי לעפל קאַשע. און אַף
איבערמאָרגן האָט זי געגעבן דריי קלעפּ, האָט מען איר
געגעבן דריי לעפל קאַשע. דאָ האָט פּראָסיע אַ ק׳ק געטון,
אַז ס'איז אַ מאיסע אָן אַ סאָף, מ'קען נאָך אַזוי די פיס אויך
אויסציען, האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון פאַר דער אַרבעט מיט
אַזאַ אימפּעט, אַז ס'שוין פאַר איר גאָרניט צו שווער געווען...

ס'ניט אַוועק קיין יאָר, איז געקומען צופאָרן קלים, דער טאַטע פראָסיעס, געוואוירע ווערן וואָס מאַכט עפּעס זיין טאָכטער. אַז ער איז ארויף אין הויף, האָט ער זיך אונטער־געשטעלט אונטערן פענסטערל מיט אַ ציטערנדיקן האַרצן און קוקט. זעט ער, אַז פראָסיע קאָכט און באַקט און קערט און רוימט אַזוי ווי די עמעסע באַלעבאָסטע. האָט ער זיך זייער דערפרייט און איז שוין אַריין אין שטוב אַריין.

אַז די שטובלייט האָבן דערזען דעם מעכוטן, האָבן זיי אים געמאַכט אַ וואַרע און מ'האָט אים אויפגענעמען זייער פאַר אַ גרויסן גאַסט:

— מיר דאַנקען דיר, — זאָגן זיי, — מעכוטן, פאַר דיין טאָכטער, זי איז באַ אונז אַזאַ גאָלדענע טוערן, וואָס די צווייטע איז גאָר אין דאָרף ניטאָ.

און מ'האָט אָנגעשטעלט אַפן טיש פון דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, קעדיי דעם גאַסט וואָס שענער מעכאַבעד זיין.

און דער פאָטער פראָסיעס זיצט זיך, באַטראַכט אַלצדינג און קלייבט גרויס נאַכעס.

דערווייל האָט פראָסיע דערהיט אַ רעגע, ווען די שטובלייט האָבן זיך ערגעץ אָפּגעקערט, איז זי צוגעלאָפן צום פאָטער און אים איינגערוימט שטילינקערהייט אַפן אויער

— טאַטעשי טאַטעשי, דו זייַ ניט אַזוי,
באַדאַי די פאָלע דריי,
אָדער אַ קנעפּל פאַרניי,
אַז ניט וועט מען דיר דאָ קיין עסן ניט געבן!!!

# מאַלאַניע

באַ מאַלאַניען דער אַלמאָנע איז אַ קו געווען,
האָט דער גענעראַל דעניקין זי אבי נאָר דערזען...
ווייס איך?
אַ קו צו אַ קו איז דען גלייך?
אַז מ׳האָט אַזאַ קו איז מען רייך.
יאָר און יאָר, אַז זי קעלבט זיך,
פון קאַלב צו קאַלב אַז זי מעלקט זיך.
איז דאָ אַ לעקעלע מילך,—
איז דאָ אַ ביסעלע מיסט,—
אַכוץ אַ נוץ איז וואָס?
טאָ ווי אַזוי זאָל דאָס האַרץ ניט וויינען,
אַז מ׳וויל שוין מאַלאַניען ניט שוינען?!—

באַ מאַלאַניען איז איינע אַ קו געווען,
האָט דער גענעראַל דעניקין זי אבי נאָר דערזען...

געווען באַ מאַלאַניען אַ אייגנס אַ שאָף,
האָבן די ווייסע אָפיצערלעך פון איר געמאַכט אַ סאָף...
אַזאַ שעפּעלע אַ געטרייע,
ווייסט די שטוב אַ מעכאַיע,
איז דאָ אַ שטרויעלע — עסט זי,
איז דאַ אַ הייעלע — עסט זי,

גייט אַליין צום האַנט,
קלאַפּט נאָר אָן אין וואַנט.
אַלע יאָר איז דאָ אַ הייפּעלע וואָל
אַף זאַקן.
און איצט, ווי אַזוי־זאָלן ניט קלינגען
אין דאָרף אַלע גלאָקן? —

געווען בא מאַלאַניען א אייגנס א שאָף,
דאַרפן קומען אָפיצערלעך און פון איר מאַכן א סאָף??!

געווען באַ מאַלאַניען אַ האָן,
האָבן אים די דייטשן פאַרסאַמט מיט אַזאַ ביטערן מאָן...
אַזאַ האָן איז צו זוכן און ניט צו געפינען.
וואו קאָן מען אַ האָן דען אַזאַ מין באַקומען!
אַז ער זינגט — ניט ער קרייט,
ער טאַנצט — ניט ער גייט,
אַלע שכיינישע הינער
הערן ניט אויף אף אים קוקן,
אַלע שכיינישע הענער
הערן ניט אויף אים זיך בוקן!
אוי, וועקט ער צו דער אַרבעט,
אוי, זינגט ער פארטאָג!
און איצט, וויינט נאָר דאָס האַרץ
און ס'קלאָגט...

געווען בא מאַלאַניען אַ אויצער אַ האָן,
האָבן אים די דייטשן פאַרסאַמט מיט אזאַ ביטערן מאָן...

געווען בא מאַלאַניען א קאַץ,
האָבן זי געכאַפּט די פּאָליאַקן אפן פּלאַץ.
אַזאַ קאַץ א געטרייע,
היט די מייז אַ מעכאַיע,
וואַשט די קיילים,
זאָגט אָן געסט,
און איצט מאַלאַניע —
ניט זי טרינקט, ניט זי עסט.

געווען בא מאַלאַניען אַזאַ אַ קאַץ,
האָבן זי פארכאפּט די פּאָליאַקן אפן פּלאַץ...

נאָך געווען בא מאַלאַניען א קופּערנע פאַן
האָבן זי די ווייסע פארשלעפּט אפן באַן.

געבליבן מאַלאַשקע ווי א פינגער אליין,
עלנט און געמיין,
וויסט און דערשלאָגן,
ווייס אליין ניט פון וואס צו זאָגן.
די אויגן אויסגעוויינט,
דער פּאָנעם א בלאַסער.
געקומען מאַלאַניען —
פון בריק און אין וואַסער.

אויב שוין גאר אַזוי?..
זיינען אַראָפּגעקומען די באָלשעוויקעס
מיט די לאַנגע פּיקעס,

מיט די שפּיצאָסטע טײַטלען
און זײַ גענומען צום בײַטלען:
— אָ, איר לײַדיקגײערס, נישטן,
איר הערט ניט אויף דאָס פֿאָלק פּאַרוויסטן?!
גענעראַליקלעך,
אַדמיראַליקלעך,
אָפֿיצערלעך — ווײַסע לײַט.
אַ קנאַק אײַך אין זײַט!
גראָבע בײַכער,
ווײַסע הענט,
פֿאַרברענט זאָלט איר ווערן!
מאַלאַניען האָט איר געפּונען צו באַרויבן,
איצט מעג מען אײַך עפּעס וואָס גלויבן?
מאַלאַניע האָט מיט אירע אײגענע הענט
זיך אויסגעבויט געמײַנע פֿיר ווענט,
האָט איר גענומען פֿון דער שטוב און
געמאַכט איר אַ גרוב?
מאַלאַשקע האָט מיט איר אײגענער מי
זיך אויסגעוואַקסן אַ קו,
האָט איר געפּונען צו וועמען
קומען און נעמען?
שוין זאָלט איר אומקערן מאַלאַניען די קאַץ,
אויב ניט — וועלן מיר אײַך מישפּטן אַפֿן ברייטן פּלאַץ!
און מאַלאַשקען די קו,
און מאַלאַשקען דעם האָן!
וואַרט אויס,
מירן זיך צו אײַך נעמען

איבערנײַס אַ קאָן!
מיט פּאָגאָנעס אױף די אַקסעלעך
מיט די שווערדלעך אויף די זײַטן,
גאַנצע לײַטן?!

אַז מאַלאַשקע נעמט זיך פרײען:
— אוי, די באַלשעוויקעס גײען!
אַז מאַלאַשקע הייבט אָן קוועלן:
— אָט ווער מיר איז הײַנט געפעלן!
זעט, מאַלאַניע קוועלט און לאַכט,
טיר און טויער אויפגעמאַכט.
— ס'דאָך מענטשן אָן אַ גאַל,
ער פירט דאָס פערדעלע אין שטאַל,
ער טראָגט דאָס בעגעדל אין שטוב,
אוי, גוואַלד, ווי אַזוי איך האָב זיי ליב!

האָבן ווײַטער זיך פאַרפירט
בײַ מאַלאַניען גוטע־טעג,
איז ווײַטער אוועק מאַלאַניע אויף אַ וועג.
און עסט הײַנט מאַלאַניע
אויף אָנבײַסן פּוטער,
אויף ווײַסערע קעז,
אַלע אָוונט גייט מאַלאַניע —
טרעפט וואוהין? —
אין „ליקבעז״.

# אויזער מיט זיין כאַיִל

געווען איז אין אַ לייטישער שטאָט אַ לייטישער באָכער, אויזער האָט ער געהייסן. געווען איז ער ווי עס דאַרף צו זיין אַ לייט און גאָר אַ לייט, נאָר זייער אַנ׳אָפּגעלאָזענער.

פרייטיק האָט ער זיך ניט געצוואָגן; זונטיק האָט ער זיך ניט געקעמט; אים האָט ניט געאַרט גיין מיט לאַנגע האָר, און אַ גאַנץ זומער — אַפילע קיין איינמאָל זיך ניט באָדן. אַזעלכע זאַכן ווערן אָבער ניט געשענקט, וועט איר הערן, וואָס ווייטער איז געווען:

איינמאָל אין אַ זומער־טאָג גייט זיך אויזער שפּאַצירן. אזוי ווי ער גייט, קומט אים אָן אַנ׳אַרויסגעוואָרפענע גרויסע לויז אַנקעגן. דערזען אויזערן, רופט זי זיך אָן:

— זע, דו ביסט מיר דאווקע געפעלן!..

אויזער איז אָבער געווען פאַרכושט (פאַרטראַכט), ט׳ער ניט געהערט פון וואָס דאָ רעדט זיך אי׳ן ט׳זיך ניט געהיט פון גאָרניט.

— זע, — זאָגט די לויז, — איך קלער זיך דאווקע אַריינקלייבן צו דיר... באַ דיר וועל איך וויסן פון אַ לעבן...

אויזער איז אלץ געווען פאַרכושט, האָט ער דאָס אויך ניט געהערט. און האָט זיך אַנידערגעזעצט לעם איר. האָט גענומען די לויז און איז אַרויפגעקראָכן צו אויזערן אַפן אַרבל. פון אַרבל אַפן קאָלנער. דאָרט האָט זי זיך אַביסל

אָפּגעריסן און גלייך זיך פאַרקליבן אַפן קאָפּ צווישן די לאַנגע האָר. דאָרט ערשט האָט זי פריי אָפּגעעטעמט.

אויזער, ניט ער קעמט דעם קאָפּ, ניט ער וואַשט אים. לעבט זיך די לויז רואיק און ווייסט פון אַ לעבן. באַטאָג האָט זי זיך אָזעלכע דאַיגעס, באַנאַכט אַנדערע. ווי זשע, אַ לויז אין גוטן באַלעבאַטישקייט, האָט זי זיך טאָג־טעג־לעכע זאָרגן.

— איצט, — מאַכט זי איינמאָל צו זיך אַליין, — וועט ניט שאַדן אָנלייגן אַ צוויי אייעלעך — זאָלן זיך אויספּירן אַביסל קינדער. דאָ וועט סטאַיען אָרט פאַר אַ גאַנצער מישפּאָכע.

געזעדט און געטאָן.

און אויזער מאַכט זיך גאָרניט פון דעם, אַמאָל נאָר אין אַ יריוול טוט ער אַ טאַפּ מיט אַ פינגער אין קאָפּ און אַ קראַץ זיך.

אַזוי גייט עס.

די צייט אָבער שטייט ניט, ס׳איז אַװעק אַ כוידעש און צוויי. די מישפּאָכע איז גרויס — אַ גוואַלד! קינדער און קינדס קינדער, אַבי יאָרן! אין קאָפּ איז געוואָרן ענג, האָבן זיך אַנדערע פאַרקליבן אין קאָלנער; אַנדערע אונ־טערן קאָלנער; וועלכע אין העמד און וועלכע אין די הויזן.

אומעטום איז פיל און ס׳איז פריילעך. אויזער איז שוין ניט אַליין, ער גייט אַרום מיט כאַיל.

נאָר איין זאַך איז ניט גוט, אויזערן איז שווער זייער טירכע צו פאַרטראָגן. וואָס אַ טאָג מערן זיי זיך. צעקריגן זיך די לייז צווישן זיך, ווערט אויזערן ענג; הונגערן זיי זיך אויס — ווערט אויזערן הייס; פירט ער מיט זיי אַלע

נאַכט מילכאָמעס. נאָר וואָס וועסטו אויפטון מיט איינע צווײ הענט? אָהער זײנען צען הענט אויך ווינציק.

— איך וועל מאָרגן כאַפּן און פאַרברענען די העמד! — מאַכט איינמאָל אויזער מיט קאַס...

ערשט די לײז זײנען שוין פול אין בעט.

— ניט אַנדערש מען דאַרף צעהאַקן די בעט! — מאַכט אויזער מיט קאַס...

ערשט די לײז זײנען שוין פול אַף די ווענט.

— סאַידן באַגיסן די ווענט מיט גאזע, טאַינעט אויזער אַ צעטראָגענער...

— אַז ער וועט ניט אויפהערן אַזוי קאָמאַנדעווען, — מאַכן די לײז, — פלעכטן מיר אויס אַ שטריק און שלעפּן אים גאָר אַוועק אין טײך אַרײן...

דערהערט אויזער אַזאַ מאַיסע, פאַרשטײט ער, אַז ס'איז שלעכט, שווײגט ער שוין גאָר אינגאַנצן. אָבער ס'שוין אַזוי פיל פאַראַן כאַיל, אַז ניט ער גײט, נאָר ס'טראָגט אים.

איינמאָל אַפּדערנאַכט באַקאַנט זיך אויזער מיט א כאַ-ווער און זײ זײנען בײדע אַוועק אין שענק אַרײַן ביר טרינקען.

טרינקען זײ און טרינקען ביז אַ שפּעטער שאָ אין נאַכט, איז שוין באַ אויזערן — דער טויער פאַרשפּאַרט...

— וועסטו גײן צו מיר נעכטיקן — מאַכט דער כאַווער. גענומען דער כאַווער אויסגעבעט אויזערן אַ ווײכע בעט.

פאַרלאָשן דעם לאָמפּ; צײט שלאָפן.
אַז שלאָפן איז שלאָפן.

אויזער קען אָבער איבערן כאַיל מיט קיין אויג ניט צונויפירן. ליגט ער נאָר מיט פאַרמאַכטע אויגן און טראַכט.

געקומען שפעט באַנאַכט, דערהערט אויזער אַזאַ שמועס:

— עי, כעוורע! — מאַכט די גרויסע לויז — מיר פאָרן אַרום אַף אַ לעבעדיקער שיף כאַדאַשים און יאָרן. איצט, אַז די שיף רוט באַ אַזאַ שיינע פּלאַץ, לאָמיר אַראָפגיין זיך אַביסל דורכשפאַצירן!

די בעט איז אַ גרויסע,
דער ליילעך אַ ברייטער.

איז אַראָפ דאָס כאַיל אַפן האַפן אביסל שפאַצירן, זיך באַגעגענען מיט לייטן, — פאַרברענגען צווישן זיך און עפשער טאַקע איינס דעם צווייטן געפעלן ווערן אויך.

אויזער איז אָבער ניט געשלאָפן, הערט ער ווי די לייז האָבן אים פריי געלאָזן. די לעצטע נאָך האָט זיך אַראָפּגעקייקלט און נאָר שאָמרים אַ צוויי זיינען געבליבן, אַז אויזער כאַפּט אינדערגיך, וואַרפט אַרויף אַן אויבערשט בעגעד אַפן לייב, כאַפּט ארויף די שטיוול אף די באָרוועסע פיס, גאַנוועט זיך אַרויס פון די לייז און דאַוואַי אַנטלויפן.

איבגאַנצן איז געווען אַ שאָ ביז טאָג. דער כאַווער שטייט אויף טוט ער אַ קוק: אויזער איז ניטאָ.

די בעט איז ליידיק.
וואָס עפּעס אַזוי פריי?

אָבער כו נאָר אַ קוק, וואָס איז עפעס דער ליילעך אַ ראַבע? ער איז דאָך געווען אַ ווייסער, אַ שפּאָגל-נייער?!

ער גייט צו נענטער—אַ קלאָג—דער ליילעך איז באַפאַלן מיט לייז.

לייז מער ווי אין מיצראַים.

לייז אלערליי:

שווארצינקע און ברוינינקע, מיט עקן, אָן עקן; אַלע אָנגעגעסענע אַזעלכע, און אַנדערע גרויסע אזוי ווי זשוקעס אין דער גרויס.

— ע,—זאָגט דער כאַוועך,—נאָך גוט, וואָס זיי האָבן אים אין טייך אַריין ניט פאַרשלעפּט, אַזעלכע לאָשעקעס!

און ער האָט געכאַפּט גיך צעלייגט אַ פייער, אַראָפּגעקליבן אַ הויפן זשוקעס און שמייס אין פייער אַריין...

דאָס פייער ברענט, די לייז קנאַקן. אזוי געקליבן עפּשער אַ שאָ קעסיידער.

— נישקאָשע,—זאָגט דער כאַוועך,—איך האָב זיך פאַר אייך קיין מוירע ניט, איר זעט וויפל קעמלען באַ מיר ליגן אַפן טיש, וויפל זייפלעך אַפן ברעטל? איך וועל אייך גיך געבן דעם ויעג, באַ מיר וועט איר קיין טקומע ניט האָבן.

דערווייל דאַרף מען גיין אָפּזוכן אויזערן, אים ארומציכטיקן אַביסל, אַז ניט וועלן זיי נאָך אים אויפעסן צו אלדע גוטע יאָר. זיי קענען דאָך אומברענגען אַ מענטשן, אַזעלכע לאָשאַקעס...

אַוועקגעלאָפּן דער כאַוועך איבער איין גאַס, איבער דער צווייטער און פרעגט זיך באַ אַלעמען:

— איר האָט ניט געזען דאָ ערגעץ דורכגיין אַ באָכער אַזאַ און אַזאַ?

— מיר האָבן געזען,—ענטפערט איין קלייטניק, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען גאַנץ פרי די קלייט עפענען.—ס'איז

נאָך געווען פינסטער איז ער דאָ דורכגעלאָפן איבער דער גרויסער גאַס צום ברייטן טראַקט צו.

געכאַפּט דער כאַוועך אַ פורל:

— טרייבט, — מאַכט ער צום פורמאַן, — דורך דער גרויסער גאַס צום ברייטן טראַקט צו, נאָר גיך!

דער פערד איז אַוועק מיט ברייטע שפאַן. ער איז אַרויס פון שטאָט און אַפן ברייטן טראַקט, ערשט זיי זעען פון דערווייטן אַ מענטשעלע לויפט.

ווער קען דאָס לויפן?

— טרייבט, —מאַכט ער צום פורמאַן, — גלייך אָט אַף יענעם יאָט.

אָנגעיאָגט, ערשט ס׳איז טאַקע אויזער.

— אויזער, טו נאָר אַ קוק, וואו־הין לויפסטו?

— ניט איך לויף, איך אַנטלויף! — האט זיך אויזער פאַרשעמט.

— פון וועמען אַנטלויפסטו דען?

— פון וועמען? איך ווייס פון וועמען, איך שעם זיך זאָגן.

— זאָג, נאַר, זאָג, ניט שעם זיך!

— אוי, איך שעם זיך. איך האָב זיך ארויסגעגאנוועט פון די לייז, אַנטלויף איך.

— נו, אויב דאָס איז גאָר, מאַכט דער כאַוועך, איז גוט. דיינע באַטריבער זיינען שוין לאַנג אַף יענער וועלט און איצט, גוטער ברודער, קום אין באַד אריין. געקומען, רופט אַרויס דער כאַוועך דעם בעדער און זאָגט:

— איך באַצאָל אייך, מיין טייערער, וויפל איר ווילט און ציכטיקט מיר ארום אָט דעם אַ באָכער, וואָרום

אזוי ווי מען זעט ניט, וועלן אים די לאָשעקעס באַלד אויפעסן.

אָפּגעצאָלט וויפל מ׳האָט געדאַרפט, האָט גענומען דער בעדער אַרומגעשוירן אויזערן, אַרומגעציכטיקט אים, צ׳גע־גרייט ריינע וועש: — נאַ — זאָגט ער — דיר וואַרעמע וואַסער און קאַלטע — וואַש זיך אוים. אַלע וואָך זאָלסטו אַהער קומען דעם זעלבן טאָג, וועסטו וואַקסן אַ לייט!

— האָסטו כאָטשע אינדערהיים זייף? — פרעגט דער בעדער. — און אַ קעמל האָסטו?

— צו וואָס דאַרף מען דען זייף און קעמלען.

— אַהאַ? דו ווייסט ניט צו וואָס? נו, וועסטו וויסן.

און דער בעדער האָט גענומען אויזערן אין כיידער אַריין אַף לעקציעס הערן.

אויזער האָט זיך געלאָזט איינרעדן און, ווי איר ווילט זיך, ער איז טאַקע געוואַקסן אַ לייט. דאָס קעמל מיטן זייף זיינען באַ אים געווען אָפּגעהיט מער ווי אַלץ אין דער־וועלט און דער בעדער — טייערער פון דעם אייגענעם טאַטן.

איינמאָל באַגעגנט ער זיך ווייטער מיטן כאַווער אַף אַ כאַסענע, צי אין אַ קלוב. רופט אויזער אָפּ דעם כאַווער אין אַ זייט און רוימט אים איין אָפן אויער:

— לאַנג לעבן זאָלסטו, כאַווער, דו האָסט מיר געטאָן אַ טויווע אַף אַלע יאָרן! וויפל איך וועל נאָר לעבן, וועל איך דיך געדענקען.

און פאַרן אַוועקגאַנג זאָגט ער אים ווייטער:

— דו ווייסט וואָס, כאַווער?

— וואָס, אויזער?

— געוועזן דענסמאָלט נאָך איין ביסל, שלעפן זיי מיך אַריין אין טייך אַריין, די שיידים.

— אוי ווײ, טאקע? — האָט זיך דער כאַוועך דערשראָקן.

— זאָל איך אזוי לעבן! — האָט זיך אויזער אָפּגעשוואָרן.

— אויב אַזוי, — זאָגט דער כאַוועך, — ביסטו טאַקע אַ לייט!..

און איך ווייס, אַז ניט נאָר דער איין כאַוועך זאָגט עס — די גאַנצע שטאָט איז אַ איידעס, אַז אויזער איז אַסאַך קלוגער געוואָרן און לייטישער — גאָר אָן אַן ערעך!

# א קינדער-שפּיל

(קינדער שטעלן זיך אויס אין אַ ראָד, דרייען זיך אַרום).

אלע:

צוויי זיינען שיקער,
איינער איז דול,
צען קליינע קינדער
פירן אַ שפּיל,
ווער ס'קומט צו אונז אין קאָן,
דער הויבט אָן.

ערשט קינד (גייט אריין אין ראָד):

לעם מיין שוועל שטייט אַ הויז,
דאָרטן וואוינט אַ פלעדערמויז,
אין קילער שטאַל די פערד זי היט,
באַטאָג זי שלאָפט, באַנאַכט זי פליט.

אלע קינדער:

ווי אַזוי, ווי אַזוי?

ערשט קינד:

באַטאָג זי שלאָפט, באַנאַכט זי פליט.

צווייט קינד (גייט אריין אין ראָד):

בּאַ מיין זיידן וואוינט אַ האָן,
עסט ער קאַשע אויבן אָן,

פאָנען נײט ער טאָג און טאָג.
באַטאָג־ער נײט,
פאַרטאָג ער קרײַט.

אלע קינדער:

באַטאָג ער נײט?
פאַרטאָג ער קרײַט!

דריט קינד:

אָט אָ באַלד שטײט אַ וואַלד,
וואוינט אָ דאָרט רעב יאָסעף־בער,
אַן אַלטער מאַן, אַ וואוילער מאַן,
ער האָט אַן אײַזן און האָט אַ שער.

אלע קינדער:

ווי אַזוי, ווי אַזוי?

דריט קינד:

ער האָט אַן אײַזן און האָט אַ שער.

פערט קינד:

צו דעם אָ שנײַדערל אין הויף
זיך לויפן שרעטעלעך צונויף.
האָט יעדעס שרעטעלע
זײַן גאָלדן דרעטעלע.

אלע קינדער:

האָט יעדעס שרעטעלע
זײַן גאָלדן דרעטעלע.

**פינפטע קינד:**

זאָגט דאָס שרעטעלע צו יאָסעף־בערן:
— איך מאַך דיר אָפּ פון גאָלד אַ שערל,
נאָר נעם אַראָפּ פון מיר אַ מאָס.
פרעגט דער אַלטינקער: צו וואָס?

**אַלע קינדער:**

פרעגט דער אַלטינקער: צו וואָס?

**זעקסטע קינד:**

קומט אַ שרעטעלע אַ צווייטער,
שטעלט אַוועק פון גאָלד אַ לייטער.
קריכט אַרויף און קוקט אַראָפּ,
די פיס אַרויף, דעם קאָפּ אַראָפּ.

**אַלע קינדער:**

כאַ־כאַ! די פיס אַרויף,
דעם קאָפּ אַראָפּ.

**זיבעטע קינד:**

קומט דער קליינער קאָמיסאַר,
ניט קיין קלוגער, ניט קיין נאַר,
און ברענגט דעם אַלטינקן צוטראָגן
פאָדעם־גאָלד אַ פולן וואָגן.

**אַלע קינדער** (ווייזן מיט די הענט):

און ברענגט דעם אַלטינקן צוטראָגן
פאָדעם־גאָלד אַ פולן וואָגן.

אַכט קינד:

זאָגט דער קאָמיסאַר אַזוי:
— נעם דאָס נעדעלע און ניי,
קוק זיך צו צום זיידנס האָן
און ניי מיר אויס אַ רויטע פאָן.

אַלע קינדער:

קוק זיך צו צום זיידנס האָן
און ניי מיר אויס אַ רויטע פאָן.

ניינט קינד:

נייט דאָס שניידערל און נייט
טאָג און טאָג אַ נייע קלייד.

אַלע קינדער (כאַפּן אונטער):

נייט מיט הענדלעך, נייט מיט פענדלעך,
נייט מיט רויטינקע, מיט רויטע בענדלעך.

(די קינדער זעצן זיך צו).

אַ פּעסל איז ליידיק,
אַ קירבעס איז פול —
צען קליינע קינדער האָבן פאַרענדיקט די שפּיל.

# כיראָן דער בעטלער און עריק דער שמיד

כיראָן דעם בעטלער האָבן אַלע קינדערלעך אין גאַס געקענט. אַזאַ נאַטור האָט ער געהאַט, כיראָ דער בעטלער: גיט מען אים עסן, וואַרפט ער אַריין אין מויל אַריין, גיט מען אים טרינקען, גיסט ער אַריין אין מויל אַריין. גיט מען אים עפּעס אַזוי, וואַרפט ער אינגאַנצן אַוועק. אַ טאָרבע האָט ער געטראָגן נאָר לעפּאָנים וועגן, איז זי טאַקע בײַ אים שטענדיק געהאַנגען אַ ליידיקע.

די קינדערלעך האָבן געוואוסט פֿון כיראָנען אַסאַך מאַי־סעס צו דערציילן. איינער דערציילט, אַז כיראָן איז סאַמע דער געזונטסטער מענטש. אַפּילע עריקן דעם שמיד קען ער מיטן קלענסטן פֿינגערל איינעמען. אַ צווייטער דער־ציילט, אַז כיראָן האָט זיך אונגערהייט זיך געשלאָגן אין גאַס מיט אַ בער, האָט געגעבן אַ זעץ דעם בער אין דער לאַ־פּאַטקע, איז יענער אַוועקגעהינקען אויף דריי פֿיס מיט אַ רעוועריי און שלעפּט זיך די גאַנצע צייט אום איבערן וואַלד, ער רייצט אַלע כאַיעס אויף כיראָנען. האָט זיך טאַקע כיראָן מוירע ווייזן אין וואַלד אַריין.

פֿאַרוואָס איז ער אַזאַ געזונטער, כיראָן, איז זיך שווער צו דערוויסן. אַנדערע זאָגן, אַז אַזאַ באַקצאָן האָט ער אין מויל, אַז די גאַנצע גוואורע וואַקסט בײַ אים פֿון באַקצאָן. און אַנדערע זאָגן, בײַ אים אין טאָרבע איז וואָס איינגענייט, דערפֿאַר טוט ער זי קיין מאָל ניט אויס.

עריקן דעם שמיד האָט שטאַרק פאַרדראָסן פאַרוואָס ער קען כיראָנען דעם בעטלער ניט בייקומען.

— ווען דו ברעכסט אים ניט דעם באַקצאָן — זאָגט ווער צו עריקן — וואָלסטו אים געקאָנט איינעמען.

— ווי אַזוי זשע ברעכט מען אים אויס דעם באַקצאָן?

האָט עריק געקלערט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און נאָך אַ טאָג און נאָך אַ נאַכט, און האָט באַקלערט: גענומען אויס־געפּלעסקעט אין קוזניע אַן אייזערן ברויטעלע, געהייסן דער ווייב, האָט זי אַרומגעלייגט מיט וואַרעמען קאָרענעם פּלעצל, און ער וואַרט, אַז כיראָן דער בעטלער זאָל אָנ־קומען.

ערשט ער גייט. גיט אים עריק דאָס ברויטעלע.

— נאַ, כיראָן, עס, ס׳איז גוט.

יענער זעט אַ קאָרענעם פּלעצל אַ וואַרימען, אַריינגע־וואָרפן אין מויל אַריין — כראַם! — צעבראָכן אַ צאָן.

— היינט — זאָגט דער שמיד — קום זיך שלאָגן.

גענומען אים יענער מיטן קליין פינגערל, איז עריק פאַרפלויגן געוואָרן איבער צען הייזער.

געקומען עריק אַהיים מיט אַ־קאָס און זיך גענומען קריגן מיט דעם ווייב.

זאָגט דאָס ווייב:

— היינט, זעסטו דאָך, אַז די גאַנצע גבורה איז בא אים אין טאָרבע.

— ווי אַזוי זשע נעמט מען זי בא אים אַראָפּ? האָט עריק געקלערט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און נאָך אַ טאָג און נאָך אַ נאַכט, און האָט באַקלערט.

גענומען באַם ווייב געלט, געקויפט אַ פּאַס שטאַרקן ווייַן און וואַרט דער בעטלער זאָל אָנקומען.

ערשט ער גייט.

נעמט עריק אַזַ אַ קוואַרט ווייַן:

— נאַ!

זעט דער בעטלער — מע טרינקט עס — איז אַרייַנגעגאָסן אין מויל אַרייַן.

— נאַ נאָך.

אַרייַנגעגאָסן אין מויל אַרייַן.

אַזוי געגעבן און אַרייַנגעגאָסן, געגעבן און אַרייַנגעגאָסן — ביז די פּאַס האָט גענומען טרוקענען, און באַ כיראָנען די אויגן קלעפּן זיך, און מיט דער לעצטער קוואַרט ווייַן איז אַזוי דער בעטלער שטייענדיק אַנשלאָפן געוואָרן.

האָט גענומען עריק אינדערגיך אַראָפּגעכאַפּט פון אים די טאָרבע, זי אַרייַנגעוואָרפן אין אויוון אַרייַן. אין טאָרבע איז אַמאָל זאַלץ געווען, האָט זי גענומען קנאַקן אַפן פייער.

אָ, — זאָגט דאָס ווייב — איצט זעסטו שוין, אַז זייַן גוואורע איז פאַרברענט געוואָרן?

וועקט אויף עריק כיראָנען:

— קום זיך שלאָגן!

יענער איז געווען אַ שלעפּעריקער, האָט ער געגעבן אַ הוסט, האָט זיך עריק דריי מאָל איבערגעקערט.

איז שוין עריקן געווען אַ כאַרפּע די גאַס דורכגיין. ווי אַזוי מאַכט מען, אַז כיראָן זאָל מער אַהער ניט קומען?

האָט ער געקלערט און געקלערט, ניט געשלאָפן אַ נאַכט איינע, ניט געשלאָפן אַ נאַכט צוויי.

און האָט באַקלערט.

גענומען אָנגעלייגט אַ טאָרבע ברויט און אַ טאָרבע ווייַן. אַף איין אַקסל איין טאָרבע, אַפן צווייטן—די צווייטע, און וואַרט דער בעטלער זאָל דורכגיין.

ערשט יענער גייט.

— נאַ, — זאָגט עריק, — אַ ברויטעלע.

אַרייַנגעוואָרפן ביראָן אין מויל אַרייַן.

— נאַ, אַ טרונק.

אַרייַנגעגאָסן אין מויל אַרייַן.

עריק גייט פּאַמעלעך, און יענער גייט נאָך. אַ ברויטעלע אַרייַנגעוואָרפן, אַ קוואָרט ווייַן אַרייַנגעגאָסן, און אַזוי פּאַרפירט ביראָנען אין וואַלד אַרייַן. איז פּונקט דורכגעהינקען דער בער אַף די דריי פיס. דערזען ביראָנען, האָט ער אַ רעווע געטאָן, זייַנען אַלע כאַיעס זיך צונויפגעלאָפן און זיך גענומען מיט ביראָנען שלאָגן. האָבן זיי זיך געשלאָגן און געשלאָגן. איינער קען דעם צווייטן ניט איינעמען. שלאָגן זיי זיך נאָך אי הייַנט.

און ווער סיוויל ביראָנען אַליין מיט די אויגן זען, מוז אַ קעפּל קרויט צועסן און די מאַיסע פאַרגעסן.

# דער בלינדער

געווען איז אין אַ דאָרף אַ ווייבל, האָט זי קיין קינדער ניט געהאַט. איר מאַן איז געווען אַ בלינדער, פלעגט ער אַ גאַנצע וואָך אַרומגיין איבער די דערפער בעטלען און אַף זונטיק אָדער אַף יאָנטעוו קומען אַהיים. אָבער ווי ער קומט נאָר אַהיים, אַזוי צעשרייט זי זיך אַף אים, זיין ווייב, און איז בייז אַ גאַנצן זונטיק און אַ גאַנצן יאָנטעוו. האָט ער פאַרשטערטע יאָנטויוון, דער בלינדער. איז ער אָבער זייער אַ גוטער מענטש, שווייגט ער איר איבער, ער רוקט אָן די היטל און וואַרט ביז סע ווערט אויס יאָנטעוו, נעמט ער די טאָרבע מיטן שטעקן און גייט אַוועק צוריק איבער די דערפער.

איינמאָל גייט דער בלינדער אַהיים אַף יאָנטעוו, טראָגט איין טאָרבע מיט ווייצענער מעל און איינע מיט גערשטענער, די לירע הענגט אים באַ דער זייט. ער האָט דערטאַפּט מיטן שטעקן זיין גאַס, איז ער געוואָרן זייער פריילעך. ערשט די ווייב איז אַרויס פאַרן טיר און האָט גענומען אַף אַ קאָל שרייען אַזן זיך שעלטן. איז געוואָרן דעם בלינדן אַ כאַרפע פאַר די שכיינים און ער האָט שוין ניט געקאָנט אָפּשווייגן.

רופט ער זיך אָן:

— אַלע דערפער בין איך אויסגעגאַנגען און אַזאַ אַרורע ניט באַגעגנט. זאָג, פאַרוואָס שעלסטו זיך? מעל האָב איך

געבראַכט אי ווייצענע, אי גערשטענע, און געלט אויך אין טיכל.

— איך דאַרף ניט, — זאָגט זי, — דיין געלט, איך דאַרף ניט דיין מעל, אַ קינד דאַרף איך! אַלע שכיינים האָבן קינדער און איך האָב ניט!

— טאָ וואו זאָל איך דיר נעמען — האָט זיך דער בלינ־דער פאַרשעמט...

גאַנווע אַ קינד און ברענג מיר — ס'ניט מיין אייסעק!

אַוועק דער בלינדער ווייטער איבער די דערפער און קערט צו זיך אַליין:

— עפשער איז זי טאַקע גערעכט. ער וועט צוגאַנווענען ערגעץ אַ קינד און איר ברענגען. וואר ס'האָט אַסאַך, וועט האָבן ווינציקער מיט איינס.

גייט ער און גייט, פּאַשעט אַ אינגעלע שאָף אין פעלד. זעצט זיך אַנידער דער בלינדער אַף אַ שטיין און נעמט שפּילן אַף דער לירע. יאָגן זיך אָן די שעפעלעך צו אים און דאָס אינגל איז נאָך גאָר אַ קליינער. רופט זיך אָן דער בלינדער:

— אינגעלע, אינגעלע, ווער איז דאָ פאַראַן אַפן פעלד?

— קיינער — זאָגט דאָס אינגעלע — נאָר איך און מיינע שעפעלעך.

— אינגעלע, אינגעלע, — זאָגט דער בלינדער, — קום צו מיר אין טאָרבע, וועל איך דיך פאַרטראָגן צו מיין ווייב.

— איך וועל ניט גיין, — זאָגט דאָס אינגעלע.

— פאַרוואָס?

— אַזוי. איך בין נאָך גאָר אַ קליינער, און בײַ דער מאַמען בין איך איינער; איך וועל ניט קומען אַהיים, וועט זי ניט וויסן וואָס צו קלערן.

— געטראָפֿן — זאָגט דער בלינדער — פֿיר זיך געזונטער־הייט דײַנע שעפּעלעך וואו די פֿירסט, — און ער איז אַוועק ווייטער.

זיצט אַ מיידעלע און פּאַשעט געגנז. זעט ער ניט, דער בלינדער, זאָגט ער:

— ווער ביסטו — אַ אינגעלע, צי אַ מיידעלע?

— אַ מיידעלע.

— און ווי אַזוי הייסטו?

— איידעלע.

— וועסטו גיין, איידעלע, צו מיר אין טאָרבע? איך וועל דיך פֿאַרטראָגן צו מיין ווייב.

— איך וויל ניט גיין.

— פֿאַרוואָס וועסטו ניט גיין?

— דערפֿאַר, איך בין נאָך גאָר אַ קליינע, און בײַ דער מאַמען בין איך איינע. איך וועל ניט קומען אַהיים, וועט די מאַמע ניט וויסן וואָס צו קלערן.

העלפֿט ניט. אַוועק דער בלינדער מיט אַ ליידיקער טאָרבע אַהיים.

דערזען די ווייב ער גייט ליידיק, איז זי אים אַרויס אנקעגן מיט אַ שטעקן און זאָגט:

— בעסער ניט גיי, אַז ניט וועל איך דיר דעם קאָפּ צעשפּאלטן.

גענומען דער בלינדער און איז ווייטער אַוועק אָף צוריק.

געגאַנגען און געגאַנגען, אויסגעגאַנגען אַסאַך דערפער און קליינע דערפעלעך, און קיין קינד וויל אים קיינער ניט געבן. איינער זאָגט: „איך דאַרף פאַר זיך".

אַ צווייטער זאָגט: „בײַ מיר איז קיין איבעריקע ניטאָ".

אַ דריטער זאָגט: „דו גייסט ניט אַוועק, בלינדער, אַז ניט וועלן מיר דיך נאָך איינזעצן אַף אומזיסטן ברויט".

אַוועק דער בלינדער אין וואַלד און זיך אַוועקגעזעצט אַף אַ בערגל און גענומען וויינען פאַר צאָרעס, אַזוי ווי סע איז אים צוגעקומען. און אַזוי ווי ער וויינט, האָט אים אויסגעבראָכן אַ וואַרעמער קוואַל טרערן פון די אויגן און ער האָט דערזען אַ שיין פאַר זיך.

זעט ער — אַ וואַלד שטייט.

זעט ער — אַ בער גייט, און אַפן בער זיצט רייטנדיק אַן אַלטער־אַ קאַלטער מיט אַ לאַנגער באָרד פאַרפלאָכטן אין צעפּ און קרימט זיך:

— בלינדער, האָסט ניט קיין קינדער!

— בלינדער, האָסט ניט קיין קינדער!

געוואָרן אין קאַס דער בלינדער, און בלינד איז ער שוין ניט געוועז. האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן און געגעבן אַ זעץ דעם אַלטן־דעם קאַלטן, איז יענער אַראָפּגעפלויגן פונעם בער און זיך אַוועגעקייקלט. אַרויף דער בלינדער אַפן בער, די טאָרבעס האָט ער צעוואָרפן איינע אין איין עק און איינע אין אַ צווייטן עק און געלאָזן דעם בער פריי גיין. אַוועק דער בער און פאַרפירט דעם בלינדן צו אַ הייל. גייט אַריין דער בלינדער אין הייל און דערזעט קינדערלעך זיצן דאָרט און וויינען. פרעגט ער זיי:

— וואָס טוט איר דאָ, קינדער?

דערציילן זיי, די קינדער:

— מיר האָבן ניט קיין טאַטן, ניט קיין מאמע. אן אַלטער־אַ קאַלטער מיט אַ לאַנגער באָרד אין צעפּ פאַרפלאָכטן האָט אונז פאַרשפּאַרט אַהער און לאָזט אונז ניט אַרויס. גענומען דער בלינדער, צעטאַפּט די הייל און רופט זיך אָן:

— וועד סע וויל, קען גיין נאָך מיר.

זיינען אַוועק די אינגעלעך נאָכן בלינדן, און דער בער האָט זיי ביזן דאָרף באַגלייט.

דעם ווייב האָט עמיצער אָנגעזאָגט, איז זי אַרויס אַנטקעגן מיט גרויס פרייד, אויפגענומען דעם בלינדן מיט די קינדער און פאַרפירט זיי גלייך אין שטוב אַריין און פאַרן גאַנצן דאָרף האָט זי געמאַכט אַ גרויסע סודע. וויל קיינער ניט גלויבן, אַז דער בלינדער איז זעענדיק געוואָרן. האָט מען אויסגעזעצט די קינדער אַרום טיש, דעם בער געלאָזן גיין און אים גענומען אויספרעגן:

— אַ וועלכער אינגעלע איז דער?

— אַ ווייסער.

— און אַ וועלכער איז דער?

— אַ רויטער.

— און וואו איז דער בער?

— אָט גייט ער.

האָט מען געזען, אז ס'אַני'עמעס, האָט מען גענומען פרייען זיך און די סודע פראַווען.

מיין זיידע איז געווען אַני'אַלטער פאַרשוין,
הונדערט יאָר אים געווען און עפּשער נאָך מיין,
האָט ער געבראַכט דעם בער אַ מאַטאָנע אַ שליטן
און געווען אַף דער סודע דער גרויסער מעכוטן.

# די מילנערס

ערשטע טייל

אין יענעם אַנומאָלטן, גאָר אַמאָל, האָט אין איינעם אַ דאָרף געוואוינט אַ דייטש אַ מילנער. ברוט האָט ער געהייסן. געווען איז ער הויך ווי אַלע הויכע און גרויס ווי אַלע גרויסע. געהאַט אַ ווייב און אַ איינאונאיינציקע טאָכ־טער, אַ באַסיעכידקע. כוץ דעם האָט ער געהאַט הייזער און שטאַלן, פערד און בעהיימעס, גענז און קאַטשקעס, און וואָס נאָר אַ מויל קען אויסריידן פון שטוביקע כאיעס איז בא אים אין הויף ארומגעגאַנגען.

די מיל זיינע איז געשטאַנען אונטערן דאָרף אין מיטן פעלד מיט גרויסע צעלאָזענע פליגל. טוט נאָר אַ קליין ווינטעלע אַ בלאָז, נעמען זיך די פליגלען דרייען, און פון דער געגנט פון גאָר ארום לאָזט מען זיך מיט זעק און זעקלעך אין מיל אריין. ווער ס׳האָט אָקסן—שפאַנט ער, און ווער ניט—פאַרוואַרפט דעם זאַק אויף די פלייצעס און טראָגט.

די מיל האָט געמאָלן און דער דייטש איז פון טאָג צו טאָג רייכער און גרעבער געוואָרן. איז ער אָבער אַ בייזער, דער דייטש, געווען אין אַזאַ נאַטור געהאַט: ברענגט אַ געמיינער מאַן אַ קליין זעקעלע טוואָרע—וויל ער ניט מאָלן און טרייבט נאָך אים דורך פון מיל. בעט אים דאָס ווייב, ער זאָל ניט טרייבן קיין געמיינע לייט, ווערט ער אויף

איר אין קאַס. קומט אים די טאָכטער בעטן, קען ער איר ניט אָפּזאָגן, ווייל זי איז באַ אים זייער טייער.

האָבן שוין די געמיינע לייט געוואוסט: ניט געגאַנגען אין מיל, נאָר געגאַנגען פריער אין דאָרף אריין צו דער טאָכטער.

ניט אַלע יאָרן זיינען אָבער גלייך. קומט אָן אַ יאָר אַ הונגער־יאָר. אַף די פעלדער האָט קיין ברויט ניט געראָטן. פוסטע שטרוי די זאַנגען, אי דאָס ווינציק: די רייכע האָבן צו אײנע פורן אראָפּגעפירט און די געמיינע האָבן אין אַ בינטל אויפגעבינדן אין פאַרטראָגן. וויינען אַלע דערפער ארום, מע קלייבט ניס און זשאָלודן, מע זוכט אַלע אייצעס ווי זיך פון דעם הונגער צו פאַרהיטן. און ברוט, דער מיל־נער, ליגט אפן פעלד נעבן מיל בייז און ברויגעז, און ווייל קיינעם אין מיל אַריין ניט לאָזן: קליינע זעקעלעך טוואָרע ברענגט מען!

קומט דאָס ווייב בעטן, טרייבט ער זי דורך. און אפילע די טאָכטער וויל ער ניט הערן — אַזוי איז ער צערייצט.

ליגט ער אַזוי איינמאָל אַפן פעלד און די הינט זיינע די בייזע דרייען זיך ארום אים. פאַלט אַף אים אָן אַ שלאָף און ס'כאָלעמט זיך אים:

אַ פויגל מיט פיר ״ ויסע פליגל איז געקומען צו אים, געבראַכט צוטראָגן אַ קליין זעקעלע טוואָרע און שטייט צו אים צו: מאָל און מאָל!

טרייבן אים, קען ער זיך פון אים ניט אָפּטרייבן. כאַפּט ער דעם שטעקן און דערלאַנגט אַ זעץ דעם פויגל און אים אָפּגעזעצט אַ פליגל. דער פויגל קריכט אַלץ. אַ צווייטן זעץ און אָפּגעזעצט נאָך צוויי פליגלען, און דער פויגל טרעט

ניט אָפּ. ווערט ער שטאַרק אין קאַס און פאַרוואַרפט דעם שטעקן אַף אים. טרעפן אין קאָפּ אַריין און אים דערהאַר־געט גענען אַף טויט. ערשט דער פויגל כאַפּט זיך אַרויף צו אים אַפן האַרצן און נעמט אים וואַרגן, רייסן פאַרן גאָרגל — אָט־אָט דערוואַרגט ער אים. פאַר שרעק האָט זיך דער מילנער אויפגעכאַפּט פון זיין בייזן כאָלעם, זיך ארומגעקוקט און גיך אוועק אהיים דעם כאָלעם דערציילן. דערציילט דעם כאָלעם, ווייל אים דאָס ווייב עפּעס נעמען זאָגן, ווייסט ער אפריער וואָס זי וועט זאָגן און ער הייסט איר זי זאָל שטומען. הויבט אָן די באַסיפּעבידע רייד, דערמאַנט ער זיך וואָס זי וועט זאָגן, און אַנטלויפט פון שטוב.

לויפט און לויפט גלייך אין פעלד אַריין, וואו די מיל שטייט. ער לויפט, און אַ בינטל כמאַרעס ווי זעק שוואַרצע האָבן אָנגעצויגן, זיך גענומען צעוויקלען איבערן הימל און שפּאַרן זיך צום מיל. געוואָרן אַף אַ רעגע פינסטער דער טאָג, די פאַסטעכער האָבן זיך גענומען רוקן מיט די טשע־רעדעס אהיים. ווער ס׳אין וועג געווען, האָט זיך גענומען זוכן אַ אָרט ווי זיך פונם שטורעם פאַרשטעלן. דאָס פעלד איז געוואָרן שמאַל און די הימלען נידעריק. ברוט קוקט ניט — לויפט אין מיל. פון־וואַנען־פון־וואָס יאָגט ארויס אַ באַ־אַלטענער ווינט, טוט אַ ריס־אָפּ אַ פליגל פון מיל און טראָגט אים צו דעם מילנער צו די פיס. רייסט אָפּ אַ צווייטן פליגל און וואַרפט אים אַפן צווייטן פעלד. דער מיל־נער לויפט אין מיל זיך באַהאַלטן, יאָגט ארום איבער אַלע ווינקלען און קאָן זיך קיין אָרט ניט געפונען. ער קריכט אין קויש, איז ענג. שלעפּט ער אַ זאַק אַפן קאָפּ, איז דער זאַק אַ לעבעריקער. און אין דרויסן האָט אַ דונער זיך אַ בייזער

געגעבן, האָט די מיל אָנגעדויבן טרישטשען. אַ צווייטער דונער האָט געגעבן אַ זעץ, האָבן זיך צעבראָכענע טעפּ געגומען שיטן איבערן קאָפּ. אין טראָפּנס איינגעהאַלטענער רעגן פּיקן מיט איינגעהאַלטענעם קאַס אין דאַך, רייסן זיך און קענען זיך ניט ארויסרייסן. ביז ס׳האָט דער רעכטער דונער געטאָן, און אַ בליץ האָט די מיל אָנגעצונדן, אויפגעריסן און צעבראָכן אַף שטיק שטיקלעך. אַ וואַרימער גאָס־רעגן איז אוועק און דעם מילנער פאַרשווענקט אָן אַ זייכער און אָן אַ געביין.

צווייטע טייל

די ווייב מיט דער טאָכטער האָבן אָפּגעווייגט דעם עוּשטן כוידעש און דאָס ערשטע יאָר און דערנאָך האָבן זיי אויפגעהערט. לעבן האָבן זיי די ערשטע צייט געהאַט פון וואָס, אָבער אַזוי ווי ברוט האָט די אליצרעס זיינע פאַרגראָבן און קיינעם ניט אויסגעזאָגט וואו, האָבן זיי גיך פאַרלעבט דאָס גרייטע און זיינען געבליבן באַ גאַרניט. פלעגן זיי פון דער צעבראָכענער מיל די האָלץ קלייבן, אי דאָס וועגן קיינער זעט ניט, און טראָגן אין שטאָט אריין פאַרקויפן.

אין אַ נאָענטן דאָרף, ניט ווייט פון מיל, האָט געוואוינט אַ יונג אַ שמיד. אַ גרויסער גיבער איז ער געווען. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געקאָנט אַ בוים אויסברעכן און מיט דער לינקער — אין צווייטן וואַלד אים פאַרטראָגן.

איינמאָל, ניט פון וואַנען ניט פון וואָס, ווייס ער ניט וואָס אים איז. זיצט ער אָפּן באַנק לעם קוזניע, וויל קיינעמס אַרבעט ניט נעמען און שווייגט. די מוטער האָט

געוואוסט, וואָס אים פעלט, קלערט זי: זי וועט שווייגן, זאָל ער זיך שטאַרקער פאַרבענקען. זיצט דער שמיד אַ טאָג, זיצט צוויי. ניט ער עסט, ניט ער טרינקט. דער האַלז איז אים צעבראָסטעט און אליין ווערט ער שיר ניט צע־ריסן פאַר בענקשאַפט. זעט די מוטער — מע קען ניט מער, רופט זי זיך אָן:

— גיי, מיין זון, אהין וואו ברוטס מיל איז געשטאַנען, זעץ זיך אוועק אַפן שטיין· אַז די לעוואָנע וועט אויפגיין, וועסטו עפעס זען.

אַוועק דער יונג אהין, וואו ברוטס מיל איז געשטאַנען, זיך אַוועקגעזעצט אַפן שטיין. און וואַרט. די לעוואָנע איז ארויס — ערשט פלאָראַ, ברוטס טאָכטער, קומט אָן האַלק קלייבן.

די לעוואָנע שיינט — און איר פּאָנים איז שענער, ווי אַ גלייכער בוים האָט זי זיך איועקגעשטעלט און גע־נומען זיך אַרומקוקן. דערזען זי דער יונג, אַז אַזאַ איז זי, — פלאָראַ, — טוט ער אַ זאָג:

— פלאָראַ! אַ שטאָט וועל איך כאָרעוו מאַכן און צען וועל איך אויפבויען. זיי מיין ווייב!

קלערט פלאָראַ און קלערט און רופט זיך אָן:

— קיין שטאָט דאַרף מען ניט כאָרעוו מאַכן, קיין צען דאַרף מען ניט בויען — בוי אויס די מיל, וועט זיין גענוג פון אונזער טרויערן.

אַוועק דער יונג אין וואַלד און האָט גענומען ברעכן ביימער מיט די וואָרצלען אינאיינעם. מיט איין האַנט ברעכט ער אויס אַ בוים און מיט דער צווייטער ברענגט ער אים צוטראָגן. אָנגעוואָרפן פאַר דער נאַכט אַ פולן פלאַץ מיט

בוימער. דארף מען בויערס זאָלן קומען די מיל בויען. גייט ער אַוועק אין דאָרף, רופט אויף בויערס:

— גייט בויט מיר אויס ברוטס מיל. פריער האָט זי געמאָלן פון איין קויש, איצט זאָל זי מאָלן פון פיר קוישן.

— מירן זיך באַקלערן — זאָגן די בויערס — און גייען זיך דערווייל אוועק. געווען זיינען זיי אָ, ברוטן אין קאָס און ניט געוואָלט ברוטס מיל בויען.

קלערט זיך דער שמיד:

— איר וועט שוין דאַווקע גיין די מיל בויען. און א געזונטער איז ער געווען, צו זעקס פינגער האָט ער געהאַט אַף די פיס און צו זעקס אַף די הענט. האָט ער נאָר דערהיט די שאָ, ווען די בויערס זיינען אַוועק אַפן פעלד, האָט ער גענומען שטריק, פאַרוואָרפן אַף זייערע הייזלעך און זיי פאַרטראָגן אין צענטן דאָרף אריין.

קומען צוגיין די בויערס.

וואו זיינען זייערע הייזער?

קיין פייער האָט ניט געברענט, קיין רויך איז ניט געגאַנגען, און ליידיקע פלעצער שטייען מיט נאַקעטע אריוונס און קיין הייזער זיינען ניטאָ. האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן, וואָס דאָ איז, און זיינען אַוועקגעלאָפן צום שמיד.

— קער אונז אום, שמיד, אונזערע הייזער, וואו וועלן מיר אונזערע ווייבער מיט די קינדער אהינטאן?

— און ווער וועט גיין די מיל בויען?

— מיר וועלן גיין.

— גוט.

האָט ער זיי געבראַכט די הייזער, צוריק אַף די קוימענס אָנגעטאָן גאַנץ, ניט גערירט, און דאָס דאָרף איז אוועק די

מיל בויען. זעגערס האָבן געזעגן, העקערס האָבן געהאַקט און בויערס האָבן געבויט. האָט נאָך דער שמיד אַ גרויסן קעסל אַראָפּגעבראַכט, האָט מען אים אין ציגל איינגעמויערט, אַף די רעדער פאַסן אָנגעצויגן און אַ גרויסן קוימען אויפגעשטעלט. קען קיינער די שטיינער ניט ארויפטראָגן. גענומען דער שמיד אַף איין האַנט איין ראָד, אַף דער צווייטער דעם צווייטן — אַזוי אַלע אַכט שטיינער אָנגעטאָן, טוואָרע פאַרשאָטן און איידער מ׳האָט די מיל געלאָזן, האָט דער קעסל אַ פייף געטאָן און אויפגערופן די שכנים בראָנפן טרינקען.

האָט פלאָראַ צו די שכנים אַזוי געזאָגט:

— זייט אונז מוחל, שכנים, אונזער טאַטנס בייזקייט. — דעם טאַטנס מיל האָט געמאָלן פון איין קריש און אונזערע וועט מאָלן פון כיר. די כּצרמעגלעכע וועלן מיר טוואָרע אָפּשיטן און די איבעריקע וועלן מאָלן אומזיסט.

— רעכט אַזוי! — האָבן די שכנים אויסגערופן. — זאָלן אַלע דערפער קומען די כאַסענע פּראַוען.

זיינען אַלע דערפער געקומען. אַזאַ כאַסענע איז שוין לאַנג אין דער געגנט ניט געווען.

הינט האָבן גאַנצע טאָרטן געטראָגן און וויין הונדערטס עמער. איינער האָט אונמיסטן געציילט.

און גוט איז געווען און וואויל. דאָ ענדיקט זיך פון דער מאַיסע די צווייטע טייל.

# דאָס מיידעלע, וואָס פאַרקויפט שפּענער

איר קענט עפּשער דאָס מיידעלע, וואָס פאַרקויפט שפּע־נער? ניין? איך קען זי. איר טאַטן האָט מען צוגענומען אין סאָלדאַטן, די מאַמע איז אַוועק דינען, געבליבן איז זי מיט איר קליין ברודערל אליין אין דער היים.

איין שטיק ברויט האָבן זיי געהאַט. האָבן זיי געגעסן דאָס שטיק ברויט און געגעסן. דעם ברודערל אַ שטיקעלע, דעם מיידעלע אַ שטיקעלע. ביז איינמאָל אַפּדערנאַכט האָט זי דעם ברודערל דאָס לעצטע שטיקל ברויט אָפּגעגעבן, אים שלאָפן באַלייגט און אליין זיך לעבן אים אוועקגעזעצט. זיצט דאָס מיידעלע און קלערט וואָס וועט זי טאָן, מ׳וועט דאַרפן דעם ברודערל אָנבייסן געבן און אליין איז זי אויך הונגעריק. קלערט זי אַ שאָ און קלערט צוויי, אַזוי אָפּגע־קלערט אַ גאַנצע זומערדיקע נאַכט. זי טוט אַ קוק — שוין טאָג אין דרויסן, גייט זי ארויס אין דער שטיל פאַר דער טיר און פאַרן הויף. שטיל איז אין גאַס, די בוימער זיינען נאָך געשלאָפן.

קוקט דאָס מיידעלע און קוקט — ערשט אַן אַלטינקע גייט איר אַנקעגן, אַף אַ שטעקן אָנגעשפּאַרט, פירט אַ הינ־דעלע נאָך זיך און אינדערפריענדיקע מיידלעך באָרוועסע גייען איר נאָך אין אַ שערענגע. דערזען די באָבע דאָס מיידעלע אַזוי אומעטיק שטיין, שטעלט זי זיך אָפּ לעם איר.

— וואָס איז, מיידעלע, דיין זאָרג, און וואָס איז דיין נויט, און וואָס־זיי׳ען דיינע אויגן אַזוי פאַרוויינט?

צעוויינט זיך דאָס מיידעלע איבעראַנייס. הייסע טרערן פאַלן איר אַף די באַקן, און זי זאָגט:

— מ׳האָט צוגענומען דעם טאַטן פאַר אַ סאָלדאַט, די מאַמע דינט אינדערפרעמד. דאָס שטיקל ברויט, וואָס מיר האָבן געהאַט, האָבן מיר אויפגעגעסן און וואָס וועל איך געבן דעם ברודערל עסן?

קלאַפּט די אַלטינקע מיטן שטעקן אין דער ערד און זאָגט:

— זאָרג ניט, מיידעלע, ניט וויין און ניט קלאָג — מיר גייען אין וואַלד אַריין שפּענער קלייבן, קום מיט אונז.

— און אַף וועמען וועל איך דאָס ברודערל לאָזן?

— הינדעלע ראַבע — זאָגט די אַלטע — וועט [illegible]ער שטוב אַכטונג געבן און מיטן ברודערל זיך שפּי[illegible]

אויסגעפלאָכטן דאָס מיידעלע אַ שטריק פון [illegible] [illegible]גע־געזאָגט הינדעלען זאָל אַפּן ברודערל אַכטונג געבן און איז אַוועק מיט די מיידלעך אין וואַלד.

איז געבליבן הינדעלע אין שטוב, האָט זי מיטן לאַפּ־קעלע דאָס וויגעלע צוגעוויגט, מיט אַ פליגעלע די שטוב פאַרקערט; האָט זיך אַ פליג איבערן וויג געשטעל׳ט, האָט הינדעלע מיט שפּיץ פעדערל גרינג אַראָפּגעטריבן.

און דערווייל האָט דאָס מיידעלע פאַרטראָגן שפּענער אין שטאָט אַריין, אויסגעביטן אַף ברויט און געבראַכט צו־טראָגן, האָבן זיי אַלע געגעסן.

גייט איינמאָל דאָס מיידעלע מיט די אַלע מיידלעך אין וואַלד און הינדעלע איז אין שטוב געבליבן.

יעדער האָט אויפגעלייגט איר בּינטל שפּענער, און שוין זיך פאַרגיבּן אָף די פּלייצעס. פון־וואַנען־פון־וואָס קומט אָן דער פאָרעץ מיט די הינט די בּייזע און רופט זיך אָן צו די מיידלעך.

— ווער האָט אייך דערלויבּט דאָ שפּענער קלייבּן — איר האָט דאָ אָנגעגרייט?

רופן זיך אָן די הינט די בּייזע:

— דער וואַלד געהער אונזער גרויסן פּאָרעץ, די שפּע־נער געהערן אונזער גרויסן פּאָרעץ! זאָל זיך מער אייער פוס אָהער ניט ווייזן, אַז ניט ווען מיך אייך צעבּייסן — אָף שטיקלעך צעררייסן.

האָבּן אַראָפּגעלאָזן די מיידלעך די שפּענער, דאָס מיי־דעלע האָט אויך איר בּינטל אַראָפּגעלאָזן און אָוועק לײדיק אַהיים. דער פּאָרעץ האָט נאָך די שטריק אויך צוגענומען. קומט דאָס מיידעלע אַהיים, האָט ניט וואָס געבּן דעם ברוּ־דערל עסן, קען זי אין שטוב ניט אַריין, זעצט זי זיך אַנידער פאַרן טיר און זיצט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און פאַרקלערט. קומט צוגיין די אַלטע אָפּן שטעקן אָנגעשפּאַרט און רופט זיך אָן:

— מיידעלע־קליידעלע, וואָס בּיסטו אַזוי אומעטיק און וואָס זיצסטו דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן?

דערציילט דאָס מיידעלע: דער פּאָרעץ מיט די בּייזע הינט האָט פון וואַלד דורכגעטריבּן, די שטריק צוגענומען און אָנגעזאָגט מער זאָל זיך קיין פוס אהין ניט ווייזן.

— ניט געזאָרגט — זאָגט די באבּיצע — גיי אין שטוב. דאָס הינדעלע האָט דיך פאַרזאָרגט אָפּן טאָג, און מיטן פּאָרעץ וועלן מיר זיך אָפּרעכענען.

אוועק דאָס מיידעלע אין שטוב און זעט דאָס הינדעלע האָט אָן אייעלע געלייגט, אַ גרויס, קימאַט אַ גענזנס. האָט זיך דאָס מיידעלע דערפרייט, געגעסן מיטן ברודערל, גע־געסן און נאָך איבערגעלאָזן. און הינדעלע איז אַוועק צום פּאַרעץ. האָט זי דורכגעבראָכן זיבן פלויטן פונם פּאָרעצעס הויף און זיבן ווענט פונם פּאָרעצעס פּאַלאַץ און אריין צום פּאָרעץ אינם אינווייניקסטן כיידער. וואו דער פּאָרעץ האָט זיך צוגעלייגט נאָכן עסן.

אַרויפגעשפּרונגען דאָס הינדעלע צום פּאַרעץ אַפן בעט און רופט זיך אָן:

— דו אַזוינער און אַזוינער! פאַרוואָס טרייבסטו מיט דיינע בייזע הינט די קינדער פון וואַלד? דער וואַלד איז ניט דיינער און די שפּענער זיינען ניט דיינע!

כאַפּט זיך אויף דער פּאָרעץ און זאָגט:

— איך פרעג באַ דיר קיין דייעס ניט!

— דו פרעגסט באַ מיר קיין דייעס ניט?

גענומען דאָס הינדעלע, געגעבן אַ פּיק און ארויסגע־נומען באַם פּאָרעץ דאָס רעכטע אויג. וויל דער פּאָרעץ רופן די הינט זיינע די בייזע. גענומען דאָס הינדעלע, גע־געבן אַ פּיק און אַרויסגענומען באַם פּאָרעץ דאָס לינקע אויג.

האָט גענומען דער פּאָרעץ זיך בעטן:

— טייערע הינדעלע, געטרייע, קער מיר אום מיינע אויגן.

זאָגט דאָס הינדעלע:

— ווער ביסטו, אַ פּאָרעץ?

— ניין, איך בין ניט קיין פּאָרעץ.

— און דער וואַלד איז דיינער?
— ניין, ניט מיינער.
— די שפּענער דיינע?
— ניין, ניט מיינע.

האָט אים אומגעקערט צוריק הינדעלע די אויגן. אים אַ נאָדען געגעבן לעקיש און אַוועק צוריק צום ברודערל מיטן מיידעלע. און דאָס מיידעלע, איך קען זי, זומער טראָגט זי שפּענער אין שטאָט, ווינטער גייט זי אין שול זיך לערנען.

די באָבע קומט אַלע מאָל צום הינדעלע צו גאַסט און דער פּאַרעך איז שוין ניט קיין פּאַרעך, נאָר אַ לעקיש.

דער וואַלד איז פֿראַנק און פֿריי. ווינטער פֿירט מען קלעצער פֿון דאָרט און זומער גייען מיר מיטן מיידעלע און מיט אַלע קינדער אַהין זיך שפּילן.

# צייַנדל

אין איינעם אַ לאַנד, אין איינער אַ מדינה, נישט נאָענט נישט ווייט, האָבן געלעבט אַ פּאָר לײַט. גווירים זײַנען זיי מיט מאַטעראַניש: זי האָט געהאַנדלט מיט בייגל און ער האָט געזייט טוטין. און פאַרמאָגט האָבן זיי ביידע קינדער אַ טוץ: איינס שענער פונם אַנדערן.

דער ערשטער קען קיין אַלעף נישט זאָגן,
דער צווייטער קען אַ טאָטן שלאָגן,
דער פינפטער וויל דאָס קינד נישט האַלטן,
דער צענטער קען קיין קין נישט שפּאַלטן.

און דער צוועלפטער, סאַמע דער קלענסטער, איז גאָר אַ מעשונע מאָדנער: אַ דינער, אַ לאַנגער, אַלט דריי כאַ־דאָשים, וויל ער אין וויג נישט ליגן, ווערט אים אַ יאָר — קען ער אַ קאַלב די ביינער ברעכן; טאַטע־מאַמע שעמען זיך מיט אים און קענען זיך קיין אייצע ניט געבן. קלערן זיי און קלערן, נישט קיין סאַך געקלערט און אָפּגעפּירט צײַנדלען אין שול אַריין זיך לערנען. די קינדער האָבן דער־זען אַזאַ לאַנגן, האָבן זיי זיך אַלע דערשראָקן. ווער ס'האָט צעגאָסן דעם טינט, ווער צעוואָרפן די ביכער פאַר אײלע־ניש, און קיין איינער איז אין שול נישט געבליבן, זיך צעלאָפן.

זעט די לערערין אַזאַ מאַיסע, נעמט זי וויינען:

— ליבינקער, טייערער, איך מיין נישט אייך באַליידיקן. כ׳וועל נאָך מוזן איבער אייך די שול פאַרלאָזן. און האָט אים גענומען פאַמעלעך פאַר אַ האַנט (אין איין העמד איז ער נאָך געגאַנגען) און אים אָפגעפירט אַהיים. זעען טאַטע־מאַמע: ס׳שלעכט, לאָזן זיי אים וואַקסן נאָך אַ יאָר, נייען אים אויף אַ פּאָר הויזן און פירן אים אָפּ צו אַ שוסטער.

— אַנו, — זאָגט דער שוסטער, — לאָמיר זעען, וואָס דו קענסט, קלאַפּ אַריין אַ טשוואָק אין שטיוול אַריין.

נעמט ציינדל דעם האַמער, טוט פאַמעלעכן אַ הויב די האַנט און קנאַק אין קוימען אַריין, צעבראָכן דעם קוימען אויף שטיק־שטיקלעך.

— ע, גוטער ברודער, — זאָגט דער שוסטער, — ביזט פאַר מיר קיין פּאָר נישט. און עפנט אים די טיר. גיי דיר געזונטערהייט, אַף אַלע פיר זייטן.

די מוטער וויינט, דער פאָטער זאָרגט זיך. לאָזן אים אין פעלד די גענז פּאַשען — שרעקן זיך פאַר אים קינד און קייט און לאָזן זיך לויפן. די קי לויפן, די שעפּסן שפּרינגען און די פאַסטעכלעך וויינען. האָט מען אָנגעזאָגט טאַטע־מאַמען, זאָלן זיי בעסער דעם שיינעם זון פון שטוב נישט אַרויסלאָזן, אויב נישט, שטעלט מען זיי אונטער אַ רויטן האָן און אַ סאָף זאָל דאָס נעמען.

האַלט מען אים טאַקע אין שטוב און מע לאָזט אים אַף דער ליכטיקער שיין ניט אַרויס. עסן עסט ציינדל אויב נישט פאַר דרייען, איז פאַר צען: צוויי לעבלעך ברויט אַף אָנבייסן איז ווינציק, און אַף וואַרמעס אַ מעסטל קאַרטאָפל, אָבי גיב. אַלע קינדער האָט מען צעשיקט פאַרדינען און

טאַטע־מאַמע אַליין אַרבעטן פֿון פֿינצטער ביז פֿינצטער און מע קען ציינדלען נישט אָנזעטיקן.

קומט צו גיין אַ שאַכן אַ שמיד. ער קען טאַטע־מאַמעס צאַר נישט צוזעען. זאָגט ער:

— גיט מיר אָפּ דעם באָכער, איך וועל אים נעמען אין דער אַרבעט, ס'קען פֿון אים אַרויס אַ גוטער שמיד!

און ציינדלען איז שוין דענסטמאָל געווען מער ווי ניין יאָר מיט צען כאַדאָשים: איז ער שוין געווען אַ גרויסער. אין קוזניע האָט ער מיטן קאָפּ דעם דאַך אונטערגעשפּאַרט. קלאַפּט ער מיטן האַמער און קלאַפּט, אַז די קאָוואַדלע שפּאַלט זיך, די ערד ציטערט אונטער אים און די קלעפּ הערט מען פֿון איין עק שטאָט ביזן צווייטן. טראָגט מען פֿון אַלע זייטן אַרבעט צום שמיד און דער שמיד פֿרייט זיך. טאָמער ווערט דער בלאָז־זאַק קאַליע, שטעלט זיך אַוועק דער יונג אָפּ די קני, טוט אַ בלאָז פֿון פֿולן האַלז, פֿאַרשפּאָרט מען שוין צו אים צען בלאָז־זעק. רעדט אָפּ דער שמיד מיט ציינדלס טאַטן — 5 ברויט גיט אײַנער און 5 — דער צווייטער, — צום־ברויט וועט שוין דעם שמידס ווייב געבן. דערצו וואַקסט באַם שמיד אַ טאָכטער, וועט עפּשער ניט שאַטן אַמאָל אַ שידעך טאָן.

אַנומלטן ברענגט אַ שאַכן אַ גוטן פֿערד אונטערשמידן.

דער פֿערד שרעקט זיך, כראַפּעט, שלאָגט זיך מיט די פֿיס. און ס'איז זיך שווער אָן אײַזע געבן. גייט אַרויס ציינדל, לייגט זיך אָן אַפֿן פֿערד, דאַכט זיך, גאָרניט שטאַרק, און ברעכט אים איבער דעם רוקן.

— ע, גוטער ברודער, — זאָגט דער שמיד, — אַז דו וועסט מיר אַזעלכע שאָדנס אָנטאָן, וועל איך מיט מיין שטוב און מיט מיין קוזניע זיך ניט אָפּצאָלן, גיי דיר בעסער אהיים צום טאַטן. ער האָט אַזאַ זון אויסגעוואַקסן, — זאָל ער זיך האַלטן מיט אים. ציינדל איז שוין אָבער ניט געווען קיין נאַר. האָט ער נישט געוואָלט גיין אַהיים, די מאַמע זאָל אָכצן איבער אים און דער טאַטע זאָל קרעכצן. ביינער זיינען באַ אים געווען געזונטע אַף איבערטראָגן סאַי שניי, סאַי קעלט, סאַי ווינט און סאַי האָגל. האָט ער נאָר אָנגעקלאַפּט אין פענצטער צום שמידס טאָכטער, איר אָנגעזאָגט זי זאָל וואַקסן וואָס שטאַרקער און וואַרטן אַף אים און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן איבער די וועלדער.

די בוימער וואקסן הויך און ציינדל וואַקסט העכער, די בוימער וואַקסן שטאַרק און ציינדל איז שטאַרקער, צעלייגט ער צווייגן, קלאַפּט ער אָן פון שטיינער־פייער און פרעגלט שוואָמען, וויפל ער וויל, עפּל עסט ער רויע, און ניס באַ־האַלט ער אַף ווינטער.

באַנאַכט נעמט ציינדל קריכן איבער די בוימער, פון איין בוים אַפן צווייטן, זוכט אָפּ האָניק און נעמט אָן פולע הויפן און עסט, עסט און עסט ביז ס׳ווערט אים אומעטיק. נעמט ער שרייען און רופן אַף אַ קאָל: הו־הו־הו. דערהערן די־בוימער, ענטפערן זיי אָפּ, דערהערן די כאַיעס — נעמען זיי רעווען, דערהערן די פייגלען אין די נעסטן — הייבן זיי אָן זיך איבערצורופן, ווערט אַ געטומל אין וואַלד, אַלע כורן צעלויפן זיך, אַלע פערד דערשרעקן זיך און אַ פרעמדער האָט זיך מוירע אַפילע אַ פוס אַהין וויזן. אַזוי זומער, אַזוי ווינטער.

און ווינטער פלאַצן די ביימער פון די שטאַרקע פרעסט, ציינדל אָבער־האָט קיין מוירע ניט. ער גייט אום, זוכט און גראָבט אין שניי: וואו ליגט דאָרט דער בער, יואי זויגט ער דאָרט זיין פעדערשטע פוס, און ער שלעפט אים אַרויס די פוס פון מויל.

— גענוג, — זאָגט ער, — דיר זויגן. אַ פוס איז ניט קיין צוקערקע.

און דער בער האָט ליב ציינדלען, שווייגט ער אים אָפּ.

דערווייל האָט זיך ציינדל פאַרגעסן, ווי אַזוי ער הייסט און איז נאָר געוואַקסן. ער איז אַלט געוואָרן פּיפּצן, — וואַקסט ער אַלץ; איז אים געוואָרן זעכצן — וואַקסט ער אַלץ; איז אים געוואָרן זיבעצן...

הערט ער, אַז די ביימער ריידן, הערט ער, אַז כאַיעס רופן נישט איין, זעט ער, אַז דער הימל איז רויט און זאָגט עפּעס אָן. מעסט זיך אָפּ ציינדל מיטן העכסטן בוים. און רופט זיך אָן: געניג זאָל זיין! און אַ סאָף זאָל דאָס נעמען! און אַפילו ניט געזעגנט זיך מיטן וואַלד. פאַרלאָזט ער אים און לאָזט זיך לויפן אַהין, וואו מענטשן וואוינען.

קומט ער צו גיין אין דער גרעסטער שטאָט. זעמען דאָרט מענטשן אויף די גאַסן, ווי בינען אַרום אַ בינשטאָק. דערזעען די מענטשן אַזאַ באָכער איז אין שטאָט אַריין, מיט אַזאַ ביסל גוואורע, האָבן זיי זיך אַלע אַרומגעשטעלט אַרום אים און ער האָט געקומען ווייזן, וואָס ער קאָן. בויגט ער אָן דעם רוקן, קען אַ ראָטע סאָלדאַטן גיין איבער אים הין און צוריק, ווי איבער אַ רויטן פּלאַץ. בויגט ער אָן די ברוסט, קענען זיך דריי קוזניעס אָוועקשטעלן מיט שמידן און מיט קאָוואַדלעס, שמידן און שמידן און איב וועט גאָרניט אָרן.

זאָגן אַלע לייט:

— אין אַן אַנדער צייט וואלט מען אַזאַ באָכער אין בלויע הויזן אָנגעטאָן, אין זיידענע העמדער מיט רויטע סטענגעס און אים פאַרן גרעסטן גיבער אויסגערופן. איצט איז אָבער ניטאָ קיין צייט זיך מיט אים צו פאַרנעמען. מע דאַרף גיין איין־מיט־אַנאַנדער מילכאָמע פירן.

האָבן גענומען פייפן די טרומייטן, האָבן גענומען שטעפּן די פולעמיאָטן, האָט יעדערער געבראַכט זיין טייטל און זיך געלאָזן לויפן אין סטרוי.

— אויב גיין מילכאָמע האַלטן,— זאָגט צײַנדל, צו זיך אַליין,— וועל איך מינאַסטאַם ניט בלייבן דער לעצטער.

— לאָזט אַ וועג!

און זיך געלאָזט לויפן איבער די וועגן.

לויפט ער און לויפט שליאַך־איין, שליאַך־אויס. פאָרט אַ צוג. דער פּיפער לויפט פאר פריער, די וואַגאָנען לויפן נאָך.

— וואָס פירט אַ צוג?— פרעגט ער.

— כאַיעל!— ענטפערט מען אים.

— וואוהין גייט דאָס כאַיעל?

— מילכאָמעס האַלטן!

— נעמט מיך אויך,— בעט זיך צײַנדל.

— קום! און וועמען ווילסטו שלאָגן?

קלערט צײַנדל און קלערט און רופט זיך אָן.

— געוועזן בין איך אַ שמיד און היינט בין איך אַ גיבער. איך וואָלט וועלן שלאָגן גראָבע בייכער און ווייסע הענט!

— האַ? וואָס? ניין!— מאַכט דער עלטסטער,— אַזאַ ווי דו דאַרפן מיר ניט! אַזאַ, ווי דו דאַרפן מיר פיר יאָר שיסן און דריי יאָר הענגען!

— שטיי! אָט שיסן מיר דיך! אורא!!!

האָבן זיך ארויסגעקײקלט פון די וואַגאָנען גראָבע־בײ־כער מיט געפּרעסטע העמדער אַפן האַרצן און גענומען טײטלען אַף צײנדלען מיט די פינגער, גענומען הוסטן און פאַרגײן זיך. האָט זיך צײנדל צעלאַכט.

— דו לאַכסט נאָך? — שרײען זײ צו אים — אָט שיסן מיר דיך! אָט שיסן מיר דיך! און דערווײל שנײצן זײ די גראָבע נעז אין די געפּרעסטע טיכעלעך אַרײַן.

זאָגט צײנדל:

— ניטאָ אַף וואָס צײט אויסברענגען — און ער נעמט און טוט אַ קער איבער דעם צוג, צעפאַלן זיך די וואַגאָנען. דער פײפער פײפט, די וואַגאָנעס וואַרפן זיך אַף די רעלסן און די גראָבע בײכער ליגן שוין און דריגען מיט די פיס.

און צײנדל האָט זיך ניט אומגעקוקט — ניטאָ קײן צײט און איז אַוועק זײן וועג.

גײט ער און גײט שליאַך־אויס, שליאַך־אײן, פאָרט ווי־דער אַ צוג. דער פײפער לויפט פאַר פריער און די וואַגאָ־נען לויפן נאָך.

— וואָס פירט מען אין די וואַגאָנען? — פרעגט צײנדל.

— כאַיעל! ענטפערט מען אים.

— וואוהין גײט דאָס כאַיעל?

— מילכאָמע פירן.

זעט צײנדל, די הענט זײנען באַ זײ אין סאַזשע גע־קנאָטן, די העמדלעך אין בוימל פאַרשמירט, די שטערנס שטאַרקע און די הענט געווונטע. זײנען זײ אים זײער גע־פעלן געוואָרן. זאָגט ער.

— כאַווײרים, נעמט מיך מיט:

— װעמען װעסטו שלאָגן? — פרעגן זײ אים.

זאָגט צײַנדל:

— געװען בין איך אַ שמיד און הײַנט בין איך אַ גיבער. כ'װאָלט װעלן שלאָגן גראָבע בײַכער און װײַסע הענט!

עפּנט מען אים אויף אײן װאָגאָן. זײַנען בײַ צײַנדלען די פיס צו־לאַנג, קריכט ער ניט. עפנט מען דעם צװײטן װאָגאָן, איז די קאָפּ צו־הויך.

זאָגט צײַנדל:

— װאָס דאַרפט איר זיך מאַטריען זײַן? איך קען ארויפ־קריכן ארויף.

איז ער אַרויף אויפן דאך. דער צוג פאָרט און צײַנדל רופט אויס, הערט מען פון אײן עק װעלט ביזן צװײטן.

— פאַרטרײַבן מוז מען די גראָבע בײַכער מיט די װײַסע הענט!!!

די גאַנצע װעלט ציטערט און צײַנדל קריגט זיך דער־װײַל װאו אַ פעלד און װאו אַ װאַלד, װאו אַ דאָרף און װאו אַ שטאָט. אזוי איז ער אַלט געװאָרן אַכצן יאָר און נײַנצן און צװאַנציק און אַפילו אײנאונצװאַנציק.

ביז אײנמאָל קומט צו גײן דער עלטסטער פונם כאַיעל און רופט זיך צו אים אָן:

— גענוג, צײַנדל! דאַכט זיך, מיר האָבן זײ שוין אָנגע־לערנט. איצט קום אין שטאָט, װעלן מיר דיר מאַכן אַ יאָנטעװ.

איז מען געקומען אין שטאָט. זשומען דאָרט מענטשן, װי בינען ארום אַ בינשטאָק. קול און קול, און יאָנטעװדיקע פאָנען הענגען אויף אַלע גאַסן. זײַנען געקומען מײדלעך מיט בּרענענדיקע קלײדלעך, זײַנען געקומען אינגלעך מיט

פאַרקעמטע קוטשערלעך. איז אַרויסגעגאַנגען ציינדל צו זיין טאַטן און זיין מאַמען, זיך מיט זיי איבעראַנייס באַקענען און זיך מיט זיי איבערבעטן. רופן זיך אָן צו אים זיינע ברידער:

— זיי אַף אונז נישט ברויגעז, ציינדל, מיר זיינען אין שטוב ניט געזעסן אין די הענט נישט צונויפגעלייגט. אַלע זיינען מיר אין פעלד געווען, מילכאָמעס געפירט, וועמען דו האָסט געשלאָגן, דעם האָבן מיר פון שטאָט אַרויסגעוואָרפן, די איבעריקע האָבן מיר אין די שיינע הייזער אַריינגעזעצט. זאָל אַ שוסטער שוסטערן און זאָל אַ שניידער שניידערן און זאָלן די פאַבריקן די שענסטע לידער שאַלן.

דערהערט ציינדל וואָס די ברידער זאָגן, האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן פאַר פרייד. איז ער זיי געפאַלן אַפן האַלז און זאָגט:

— בלוט! איך בין מיט אייך גוט!

האָבן אַלע מיידלעך מיט אַלע אינגלעך גענומען פאָכען מיט די פענדלעך, גענומען רופן און שרייען: זאָל לעבן ציינדל! זאָל לעבן אונזער גיבער! איז אַוועק אַ זופעריי איבערן גאַנצן שטאָט. זיינען פון פאַרשטאָט געקומען צולויפן דער שמיד און זיין טאָכטער. די מויד איז טאַקע אויסגעוואַקסן אַ שטאַרקע, אַזוי ווי ציינדל האָט איר אָנגעזאָגט.

האָט מען געשטעלט אַ כאַסענע. פריקן האָבן געפירקט, קוימענס האָבן געפייפט, דראָטן האָבן געהודעט און פון איין עק שטאָט ביז דעם צווייטן האָבן זיך געטראָגן טענץ מיט קוילעס:

״האָראָפּאַשניקעס פון דער גאַנצער וועלט, אוראַ!„

# א גאָרטן בעשויטפּעס

הינדע מיט הערשעלען זיינען אַ שוועסטער מיט אַ ברודער. הינדע איז אַלט עלף יאָר, און הערשל — אַכט יאָר.

הינדע קאָן אַלצדינג מאַכן, וואָס זי קלערט נאָר צו — זי נייט אַליין אויף אַ ליאַלקע, מאַכט איר קליידער, קלאַפּט אַליין אויף אַ בעטל, און הערשל קוקט און איז מעקאַנע. ס׳געפעלט אים.

דערפאַר אָבער — הייסט מען זיי עפּעס טאָן, איז הערשל פאָלגט באַלד, און טוט ווי מע הייסט אים; הינדע וויל ניט פאָלגן. און אויב זי פאָלגט שוין יאָ, טוט זי עס אַזוי אָפּ, אַז מע שרייט אָף איר נאָכדעם.

אַז מען הייסט איר גיין ארויסטרייבן דעם כאַזער פון גאָרטן, וויל זי ניט עפענען ס׳גאָרטן־טירל. זי דאַרף, — זאָגט זי, — דעם כאַזער פריער גוט אָנבייקערן. און ארומ־יאָגנדיק זיך, צעטרעט דערווייל דער כאַזער די בייטן.

מע הייסט איר, לעמאָשל, גיין אַ קוק טאָן וואו די געגנז זיינען, לאָזט זי אַרויס אין איין גאַנג דאָס קעלבל — זי וועט עס פּאַשען, זאָגט זי, און דאָס קעלבל פאַרייסט ס׳עקל, טוט אַ דריגע מיט די פיסלעך און טאַנצט אַוועק איבער דער גאַנצער ברייט פון דער לאָנקע.

זי לויפט נאָך און ווייס ניט וואָס אָנהויבן: וויינען אָדער לאַכן.

ביז די שטוב־לייט דערזעען, לויפן אַרויס, און דער ברודער פירט שוין אַפן גאַרטל, אַ פאַרסאָפּעטער, דאָס זיך רייסנדיקע קעלבל צוריק אַהיים.

און נאָך האָט זי ליב, הינדע, פירן אַ באַלעבאַטישקייט, ווי אין שטוב פירט זיך.

באַקט מען ברויט, באַקט זי אויך.

קליינע ברייטעלעך באַקט זי.

אַ קליין דיישקעלע האָט זי, קליינע עמערלעך, און נאָך קיילעך און זאַכן, וועלכע צו וואָס ס׳פאָדערן זיך.

שוין פון אַ וואָך, אַז הינדע וואַרט מע זאָל דעם גאָרטן אַקערן, וועט זי אויך פאַרזעצן איר קליין גערטנדל.

באַ איר אין קאָמאָד פון שוועבל־קעסטעלעך האָט זי אין באַזונדערע פּאַפּירעלעך פאַרשידנערליי בלומען־זוימען. אַף זוימען פון גאָרטנוואַרג לייגט זי וויניקער אַכט — יענע וועט זי אַראָפּנעמען פון דער מאַמעס, ווען די מאַמע וועט זייען.

אירע זוימען זיינען באַ איר מיט הערשעלען בעשוטפעס.

ער האָט איר דערפאַר אָפּגעגעבן זיינס אַנ׳אָנגעמאָלט קאַרטל און אַ ריםען־בייטעלע.

זי צענעמט די קראַם אירע און ווייזט אים:

— דאָס איז נאַסטורציס — ווייזט זי איס אין אַ פּאַפּירעלע. זוימען — ווי פּיסטאַשקעלעך קליינע זעען זיי אויס — שיינע קווייטעלעך, זאָגט זי, וועלן אויסוואַקסן, אַזוי ווי די פּאַסאָל־קעלעך.

און דאָס — צעוויקלט זי איס זוימען — ווי גריקע־קערנער — דאָס איז גראַמאָפאָנטשיקלעך.

צעלאַכט זיך הערשל.

ס'געפעלט אים, וואָס זי זאָגט גראַמאָפאָנטשיקלעך, נאָר הינדע איז פאַרטאָן.

— אַוואַדע, זאָגט זי, ווי גראַמאָפאָנטשיקלעך צעבליען זיי זיך. און דאָס איז אַרגאַניע — סאַמעטענע קווייטן ווי פויסטן די גרויס. דו האָסט געזען, בײַ האַנען לעם פענצטער וואַקסן זיי? — אַזעלכע שיינע... איין מאָל פאַרזייט מען זיי, וואַקסן זיי עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד... נאָר אָף ווינטער פאַרדעקט מען זיי מיט שטרוי.

הערשל שווייגט און שווייגט און מישט זיך צום סאָף אַריין:

— ביסכאַקל, זאָגט ער, האָט דיוואָריע געזאָגט, אַז אָט די קליינינקע מאַגדעלעך זיינען ניט קיין בלומען, נאָר רע־טעכער.

— טאָ גיי, זאָגט הינדע, צו דיוואָריען, זי ווייסט אַזוי ווי דו, און דו אַזוי ווי זי.

שטייט הערשעלען ניט אָן. ער זאָגט, אַז ער וועט גאָר פאַרזעצן זונען־רויזן, און סטרוטשקע וועט ער פאַרזעצן.

און זי, — זאָגט הינדע, — וועט ארומצוימען די אַזשינעס, וואָס אין לאַנגן גאָרטן, און וועט נאָך אַהין פאַרפלאַנצן אַלערליי בוימעלעך, פלוימען־ביימער און באַרן־ביימער און אַגריסן.

אים וועט זי אין סאָד אריין אַפילע ניט לאָזן אַ שמעק טאָן.

די בלומען וועט זי פאַרזעצן נעבן שטוב פאַרן פענצטער און אַ גאָרטן וועט זי האָבן אַ כיין...

און געבליבן איז, פונדעסטוועגן, אַז אי די בלומען, אי די גערטנער זעצן זיי בעשוטפעס.

איינמאָל גאַנץ פרי כאַפּן זיי זיך אויף, די צימערן זײַנען געווען געפּאַקט מיט זון, טיר און פענצטער זײַנען אָפן, די לופט איז פאַרשמעקט מיט גרינס, וואָס פון יענער זייט פענצטער און מיט פויגל־געזאַנג פון די פייגעלעך, וואָס אין די לאָדן־נעסטן זיך אומגעקערט.

אין איינע העמדער זײַנען זיי אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן — און גלייך דורך די אָפענע פענסטער אין דרויסן אַרויסגעשפּרונגען. נעבן שטוב שטייט אויף דער זון אַ וואָגן אָנ־אויסגעשפּאַנטער.

אויפן וואָגן — אַ באַראָנע מיט אַ ביסל צווייגן בערעזאָווע, זאַפּטיקע, מיט נאָר וואָס פון די קנאָספּן אויסגעשיילטע, יונגע, קלעפּיקע בלעטעלעך.

— אָ! — האָבן הינדע מיט הערשעלען לוסטיק אויסגערופן און זיך געלאָזט צום גאָרטן.

דורך די פּלעקער האָבן זיי דערזען ווי אַ פּאָר רויטע אָקסן מיט גרויסע הערנער גייען נאָך נאָכן שטריקל בײַ אַ קליין פויערש מיידעלע אין האַנט.

די אָקסן קומען צום סאַמע פּלויט אין גאָרטן קערעוען זיי זיך מיטאַמאָל אויס מיטן גלאַנציקן אַקער און מיט נידעריקן „לייוונטענעם" פויערל, וואָס האַלט זיך אָן אין אַקערס הענטלעך.

לעבן גאָרטן־טירל האָבן זיי די לעדערנע טאָרבע און סוויטקע דעם פויערס אַריבערגעשפּאַנט און געראַנעט מיט די באָרוויסע פיס אין די פרישע, נאָר וואָס איבערגעקערטע פלאַסטן ערד.

הערשלען זײַנען געפעלן געוואָרן די אָקסן. גרויסע אָקסן און רויטע, אינגאַנצן רויטע.

און הינדען — דער אַקער, וואָס גלאַנצט און קערט אויס פלאַכעסווייס שוואַרצע שלענגלדיקע שורעס ערד. ביידע כאַפּן זיי קלייבן די שטיינער פון אונטערן אַקער און וואַרפן איבערן פלויט אַריבער.

שורעסווייס־שורעסווייס קערט אויס דער אַקער פלאַכעס ערד, און דאָס פויערל דרייט אים נאָך די אָקסן אַרום. איין ניט־איבערגעאַקערטער שמאָלער פּאַס ווייסט זיך נאָך אין מיטן, באַשפּרייט מיט פּאַראַיאָריקע פאַרפוילטע קאַר־טאָפל־שטענגלעך.

— אוי־וויי, — שרייט אויס הערשל.

— זעסט? אַ וואָרעם, אַ גרינער ווי אַ שלאַנג, אָט־אָ איז ער. — און ער נעמט אים ארויסקאַלופּען מיט אַ שטיקל שפּענדל.

— טשעפּע ניט, — טוט אים הינדע אַ שלעפּ פאַרן האַנט, — אַז דו ווייסט ניט. אַזעלכע „ווערימער" צעריען די ערד אינעווייניק, וואַקסט בעסער.

און מיט זייער „שפּייעכץ" מאַכן זיי נאָך פעט די ערד אויך. דאָס קורץ פויערל שטויסט זיך אָן, וואָס די קינדער ריידן צווישן זיך.

— סאָפּ־העטיא, — טרייבט ער די אָקסן, צעשמייכלט זיך אין זיין געל בערדל אַריין און זאָגט אַף געמישטן אידיש־גויעש.

— יאָ־יאָ, אַ גוטעס, אַ גוטעס וואָרימלעך, ניטשעפּאַי, א גוטעס.

הערשל טוט אַ קוק אָפּן שיקסעלע און פאַרשעמט זיך. הינדע זאָגט: „ווין ני זנאַיע" — און וואַרפט די שטיינער איבערן פלויט.

אַז דער פויער האָט געשטעלט די אָקסן צום בינטל היי, וואָס אין וואָגן, האָט ער אַ קוק געטאָן צו דער זון און אַ וואונק געטאָן דער שיקסעלע, זי זאָל געבן די טאָרבע.

הינדע מיט הערשלען האָבן קיין אויג ניט אַראָפּגענומען פונם פויער מיטן מיידעלע, ווי אַזוי זיי שטעלן ציין אינם שוואַרצן ברויט און אין די ווייסע שטיקלעך קעז.

דאָס פויערל שניידט מיטן מעסער, וואָס הענגט אַפן רימענעם גאַרטל, בלעטעלעך פוטער.

זיי רעדן ניט אויס קיין וואָרט צווישן זיך און היטן — קיין ברעקל זאָל ניט אַראָפּפאַלן.

— וואָס קוקט איר אין די אויגן? — האָט זיי די עלטערע שוועסטער אויפגעוועקט.

זיי האָבן זיך ביידע פאַרשעמט און אַריינגעפאַלן מיט אַ טאַינע:

— עסן! גיב אונז עסן! אָנבייסן!

די יאַטן האָבן זיך אַנידערגעזעצט מיט זייער אָנבייסן אַפן גרין בערגעלע אַנקעגן, האָבן אַפּגעכאַפּט די איבערגע־מישטע ברויט מיט „סמעטעבקע" און געוואַרט שוין, אַז דאָס פויערל זאָל גיכער נעמען איבערשיטן שוין דעם פלויט.

דאָס פויערל האָט אָבער צייט. ער עסט רואיק, פּאַקט אַף ביידע באַקן, דער שטערן שוויצט אים, און גיט אַלץ אַכטונג — קיין איין ברעקל זאָל אים ניט אַראָפּפאַלן אַף דער ערד.

דאָס מיידעלע עסט אויך, ווי דער טאַטע אירער, נאָר טשמאַקעט געשמאַקער און קווּטשיק־הילכיק.

די גרויסהערנעריקע רויטע אָקסן ווילן דאָס היי ניט עסן, איז איינער קייעט שטייענדיק די זשויקע, און איינער ליגנ־

דיק. מיט איינגעקניטשטער פעל בא די העלזער ציען זיי די גלאַטע יאַרמאָ, די יאַרמאָ טוט אַ סקריפּ און לאָזט זיך ניט צוציען.

— קום, — זאָגט הינדע, — לאָמיר דערווייל קלייבן שטעקלעך מיט פלעקלעך אָף אונזער אייגענעם פלויט.

— קום, — זאָגט הערשל. — און וואו וועלן מיר אים צוזי־מען, לעם שאָפּע־וואַנט?

— אָטאָ באַלד! — טאַינעט הינדע מיט אַ קאַס, — אין שאָטן וועט דען בא דיר עפּעס אויסוואַקסן? אָף דער זון דאַרפן מיר אונזער גאָרטן צוימען.

דאָס פויערל שלעפט שוין פון וואָגן דאָס פוכקע בינטל צווייגן, שלעפט צו צום פלויט און נעמט פרואוון וועלכע פלעקער וואַקלען זיך אין פלויט.

הינדע מיט הערשלען האָבן זיך גענומען פלייסיק צוימען זייער גאָרטן.

די האַק האָט מען זיי אין שטוב ניט געלאָזן נעמען, האָבן זיי איבערגעבראָכן די שטעקלעך איבער דער קני, און מיט אַ שטיין טיף־טיף אין דער ערד אריינגע־קלאַפּט.

הערשל קלאַפּט אויך, נאָר ווען הינדע הייסט עפּעס דערלאַנגען, וואַרפט ער דאָס קלאַפּן און לויפט.

— צווייגן ברענג, — שאַפט הינדע.

לויפט הערשל איבער די פרישע הרודעס ערד און קלייבט אָן לעבן פויערל אַ הויפן קליינע ריטלעך, צווייגלעך, אין דער זייט אָפּגעוואָרפענע, און שפּאַרט זיי פאַר־זיך.

אַ דריי־עקיקער איז בא הינדען דער גאָרטן באַם פלויט, וואָס צום גאַס־צו אַרויס.

* מיט די צווייגלעך האָט זי די פלעקלעך צווישן איבער־געפלאָכטן.

די פלעקלעך זיינען טרוקענע געווען און די צווייגעלעך פייכטע, זאַפטיקע און בויגעוודיקע.

און די צוים איז שוין פאַרטיק.

הערשל קוועלט און גלויבט זיך ניט, אַז אין דעם פלויט האָט ער אויך אַ כיילעק:

ער האָט מיט הינדען צוזאַמען געאַרבעט.

נאָר פון וואַנען־פון־וואָס קומט אָן די עלטערע שוועסטער און מאַכט אַ גרויס געלעכטער.

— נו, און באַראַנעווען? — זאָגט זי...

הינדע מיט הערשלען זיינען געבליבן שטיין פאַרשעמט און ווי באַטריבט.

ווי אַזוי וועלן טאַקע די אָקסן באַראַנעווען זייער גאָרטן...

נאָר אין דער רעגע גיט זיך הינדע אַ כאַפּ.

— אַ דאַיגע איך האָב! — זאָגט זי, — און פאַרשאַרט די האָר, וואָס פאַלן איר איבערן אָפּגעבערענטן פּאָנים.

— איך וועל מיט אַ הראַבליע...

— מיט אַ הראַבליע איז נאָך בעסער!

און ניט געקלערט, לויפט זי צום שאָפּע. נאָר הערשל האָט זי אַריבערגעיאָגט און טראָגט איר אַנטקעגן די הראַבליע מיט די אייזערנע ציין.

— מיט די אייזערנע ציין, זאָגט ער, וועט זיין גוט.

די עלטערע שוועסטער וויל זיי העלפן שאַרן, לאָזט זי ניט, הינדע. אַליין וויל זי מאַכן.

אַביסל שאַרט זי, אַביסל הערשל. איז דאָך אָבער שווער, לויפט הערשל און ברענגט זייער קליינינקן גראָב־אייזן.

הערשל צעקלאפּט די ערד מיטן גראָב־אייזן און הינדע צעשאַרט. די ווערים טשעפּעט ער שוין ניט, הערשל: ער ווייסט, ער געדענקט שוין, אַז זיי זיינען גוט פאַר די גע־וויקסן.

דער פויער האָט נאָך ניט געהאַט געענדיקט די צוים איבערשיטן, איז שוין בײַ הינדען און הערשלען געווען דער גאָרטן פאַרצוימט און צעבּאָראָנעוועט.

די זון האָט געבּאַקט און געדאַמפּט די פייכטקייט פון דער פרישער נאַסער ערד. הינדע מיט הערשלען זיינען געווען אָפּגעבּרענטע, פאַרשוויצטע און מידע־צופרידענע האָבּן זיי נאָך זיך געשלעפּט דעם גראָב־אייזן מיט דער הראַבּליע.

— וואָס קוקסטו צום הימל,—פרעגט הינדע.

— אַ רעגן... קוק איך, ווען וועט,—זאָגט הערשל ערנסט.

# האָן געלמאַטקע און הון קריינדל-קעפּל

געוועז זיינען בא אַ באַלעבאָס אַ האָן מיט אַ הון.

דער האָן איז אין מאַטקעס געגאַנגען אין געלע און מיט פליגלען באַגילדטע, און הינדעלע איז אַ ראבע געוועזן, און מער ווי א קריינדעלע אפן קאָפּ האָט זי גאָר אַזעלכס ניט פאַרמאָגט.

גוט האָבן געלעבט צווישן זיך האָן מיט הינדעלען. האָן פלעג אין קיין פרעמדע הויפן ניט פאַרקוקן, און גאַנצע טעג ראַק מיט הינדעלען שפּאַצירן.

און געפונען האָט ער נאָר אַ קערנדל ווייץ, אָדער האָבער, פלעג ער גלייך נעמען רופן:

— פּיק-פּיק-פּיק: —
געפונען-געפונען.

און דאס קערנדל אין שנאָבל און פון שנאָבל געוואָרפן, אין שנאָבל און פון שנאָבל — אַזוי לאַנג, אַזוי בריט ביז הינדעלע דערהערט און קומט צו. וואַרפט ער איר אַרויס דאָס קערנדל פון שנאָבל, אָדער ער דערשלינגט עס אליין, ווען ער קאָן זיך ניט איינהאַלטן. און זיי שפּאַצירן זיך ווייטער.

הינדעלע פלעג אַלע פרילינג טאָג און טאָג אייעלעך לייגן און זיי דער באַלעבאָסטע פאַרגלויבן.

יאָר אַן יאָר האָט זיך הינדעלע געבלאָזן און קינדער געוואָלט. האָט אָבער די באַלעבאָסטע פאַרלייקנט די איי־עלעך און ניט געוואָלט נאָך, אַז הינדעלע זאָל זי פאַר האָנען פאַרמאַסערן, פלעג זי פאַר אן אויבער־האָסבאָרע נעמען און קוואָטשקע־הינדעלען אָפּטוקן אין קאַלטע וואַסער.

ניטאָ באַ הינדעלען ערגער, ווי אין וואַסער און נאָך אין קאַלטער זיך טוקן.

מ׳איז שוין הינדעלע באַלעבאָסטען נאָכגעגעבן — זיך אויפ־הערן בלאָזן, אויפהערן קוואָטשקען, און האָנען קיין פיפס ניט טאָן פון גאַרניט.

נאָר ווען־ניט־ווען פאַרנאַכט, אפן סידעלע פליענדיק, פלעג זי אַף יעדן טרעפּעלע פון לייטער זיך אָפּשטעלן, זיך אָן וואָס דערמאָנען און אונטערן דעכל, שוין זיצנדיק באַ האָנס רעכטן פליגל, פלעג זי פאַרמאַכן אײן אויגעלע, נאָכדעם דאָס צווייטע, קלערן, קלערן, און אַזוי איינ־שלאָפן.

שאַרט זיך איין מאָל הינדעלע אין ערד.

אַלע פעדערן זיינען שוין באַ איר אין וואַרעמען שטויב אויסגעבאָדן.

האָט זי זיך אַף אַ זייטל צוגעלייגט, דאָס אויבערשטע פליגעלע אויסגעצויגן, די פיסעלעך פאַרדעקט, איין אויגל צוגעמאַכט — און דערפילט:

אן אייעלע וועט זי באַלד ברענגען.

— דאָס ערשטע אייעלע פאַרן נייעם פרילינג.

האָט זיך הינדעלע פאַרקלערט.

האָן וועט דאָ גאָרניט אײַצנען. ער שטייט ערגעץ מיט זײַנע געלע מאַטקעס אַף אַ באַזונטן פלויט, פּאַטשט מיט די גילדענע פליגל און רופט:

קוקוריקו,
קוקוריקו,
ווער אַף פעלדער,
ווער אַף וועגן,
קוקוריקו,
קוקוריקו,
איצט אַ זון —
און באַלד אַ רעגן.

מער איז ניט זײַן אײַסעק.
שטייט אויף הינדעלע, גיט זיך אַ טרייסל אָפּ פונעם שטויב, הויבט אַ לאַפּקעלע מעיושעוודיק און גייט, — הויבט דאָס צווייטע, טוט אַ קלער און ווייטער גייט.
און זינגט זיך אונטער:

— איך לייג אַן אייעלע,
וואָס קומט אַרויס —
די באַלעבאָסטע קומט
און שאַרט אַרויס.
הון וויל אַ קינד,
האָן וויל אַ קינד,
איז ווער קאָן
אײַצנען אַצינד...

שטייט אין ווינקל־הויף אַ בערעזע אַן אַלטע, מיט אַ שווער־צעטעריקער קאָפּ. און אַזאַ מין אַלטע איז זי, די בערעזע, געווען, וואָס האָט זיך ליב צו אַלץ צוקוקן און צו אַלץ צוהערן.

הינדעלע הויבט אַ לאַפּקעלע און זינגט, און בערעזע אַלטע שווערקעפּיקע הערט זיך צו.

הערט און הערט, און רופט זיך אָפּ:

— הער אויס, הינדעלע, איך וועל דיר אַן אייצע געבן, ווי אַזוי פון באַלעבאָסטען די אייעלעך אויסבאַהאַלטן.

צווישן מיינע צווייגן באַהאַלט איך אויס אַ פאַרלאָזענעם נעסט, אַ בושל אַ היימלאָזער האָט זי דאָ געבויט, איך האָב אים געלאָזן — געמיינט — ס'וועט זיין פריילעכער אַן אַלטער בערעזע.

האָט ער געבויט, געבויט — אַן אומכיין געוואָרפן און [illegible] ב טאָפּאָל גאָר באַזעצט.

איך נעם דיך צו פּאַר אַ שכיינע, איך וועל דיר דיינע אייעלעך אויסבאַהאַלטן, דיך מיט אַ געניטער אייצע פירן, נאָר אַ טנאַי נעם איך מיט דיר אויס.

— אַ וועלכן? — פרעגט הינדעלע.

— אַ טנאַי — האָנען דיין מאַן אַהער ניט פירן.

איך בין אַן אַלטע, און קאָן קיין טומל ניט פאַרטראָגן.

איז הינדעלע איינ־עגאַנגען, באַדאַנקט דער אַלטער, ארומגעקוקט זיך, צי קיינער הערט זיי ניט אונטער, צי קיינער קוקט זיי ניט נאָך, און אָפן בוים אַרויפגעפלויגן.

די בלעטער האָבן זי פאַרשטעלט.

זוכט זי מיט איין אויגעלע. אַ בויג אַרויף דעם רעכטן און געקוקט, — אַ בויג אַראָפּ דעם לינקן, און אויסגעקוקט, ון טאַקע דעם נעסט געפונען.

די נעסט האָט אַפילע געשמעקט מיט פּוסטקע, פונ־דעסטוועגן איז הינדעלע געווען צופרידן — ווי עס איז זיך איינגעמאָסטעט, און ווי נאָר זי האָט דאָס אייעלע געלייגט, האָט זי אָף אַ צווייג זיך געשטעלט און גענומען פאַר פרייד זיך באַרימען: —

קאָ! קאָ־קאָ־קאָ!
אָן אייעלע געפינען —
קאָ! קאָ־קאָ־קאָ!
אַן אייעלע געברענגט...

— א שיינער סאַד באַ דיר, — שלאָגט איר די בערעזע איבער...

הינדעלע האָט זיך דערמאַנט און זיך פאַרשעמט — זי וועט שוין מער אַזוי ניט טאָן. זיך זיך אומקוקנדיק, צי קיינער זעט ניט, איז זי אַראָפּגעפלויגן.

האָן ווייסט גאָרניט פונעם סאַד, וואָס הינדעלע באַ־האַלט אויס. ער זעט נאָר — הינדעלע איז פריילעך, איז ער אויך פריילעך.

ער ווייסט גלאַט ניט, פאַרוואָס קאָן מען עס ניט הינ־דעלען דערופן אין הויז אַריין, אַ קערנדל כאַפּן, אַ הירזשעלע קלייבן, און קומט ער אליין, טרייבט אים די באַלעבאָסטע — לעמאַי איז ער אָן הינדעלען געקומען.

טאָג און טאָג ברענגט הינדעלע אין נעסט אַריין אַ פריש אייעלע.

ווייסינקע קימען דאָרט צו, און בערעזע שווערקעפּיקע באַהאַלט אויס.

וואָס מער ווייסינקע אין נעסט, ווערט באַ הינדעלען דער סאַד טייערער. — זי מיידט אויס גאַנצע טעג די בע־רעזע, מע זאָל זי כאָלילע דאָרט ניט באַמערקן, און דאַרף זי דאָס אייעלע לייגן, קוקט זי מיט איין אויגעלע אין איין זייט, מיט צווייטן — אין צווייטער.

קוקט און גאַנייעט זיך.

בויגט אַ לאַפּקעלע און שטעלט. הויבט אַ פּיסעלע און גאַנייעט זיך. אַ פלי — און בלייבט ניט צווישן די בלעטער. ניטאָ.

הינדעלע האָט שוין אַלע אייעלעך אויסגעטראָגן און ייִד בלאָון אנגעהויבן.

ברוגעז איז זי כאָלילע ניט אויף קיינעם, נאָר אַזוי איז זי באַ זיך געוואָרן גרויס אַביסל. און דעמסטמאָל האָט זי אויף דער אַלטערס אייצעס ניט געוואַרט, זיך גלייך אין נעסט אויינגעקליבן און גענומען די אייעלעך וואַרעמען.

וויפל אייעלעך איז דאָרט געווען, האָט זי אַליין ניט געוואוסט.

אַסאַך אייעלעך אין אַ הויפן, קוים אונטער די פליגל ארונטערצונעמען — און גענוג.

— אָט וועט זיך דאָס האָן אַביסל פרייען — ניט פון וואַנען, ניט פון וואָס, וועט זי דאָס מיט, אַנאַנהאָרע, אַזוי פיל קינדער אַראָפּקומען.

אַזוי האָט הינדעלע געקלערט, און מיט מער פלייס די אייעלעך אונטער זיך מיט שנאָבל און קריינדל־קעפל גע־מישט און איבערגעמישט.

אלע גאנצפרי, איידער נאָך אַפילע האָן הויבט זיך אָן אפן סידעלע צו פאַנאַנדערוואַכן, דעקט זי איין געטריי די אייעלעך מיט פעדערן און מיט שטרוי און פליט אַראָפּ אַף א ווײַלע.

קוקט זיך אַרום, אָטעמט אריין אַביסעלע פרייע לופט, זוכט אָפּ אַ זוימעלע, אַ קערנדל, — בייסט איבער. מיט אַ פּאָר טראָפּנדלעך טוי אַף די גראָז פאַרטרינקט זי און איבערגיך צוריק.

ניט געוואוסט האָט האָן, וואו איז עס הינדעלע אנטרינען געוואָרן.

אַף גאנצע שאָען פלעג ער זיך אין אַ ווינקל פאַרוקן און אַף איין פוס שטיין, מיט איין אָפן אויג און איין פאַרמאכטן.

אָדער געזוכט מיט שנאָבל צווישן פעדערן און פליגל — פאַר גרויס זאָרג און אומעטקייט אַזוי.

אין שטוב האָט מען שוין זיך אויך פון הינדעלען מיאַעש געוועזן:

— ניטאָ שוין אונזער הינדעלע אַף דער וועלט, — זאָגט די באַלעבאָסטע.

— אַ שאָד — ענפערט דער באַלעבאָס.

הינדעלען געפעלט, וואָס קיינער שטויסט זיך ניט אָן אָן איר באַהאַלטעניש.

און טעג גייען.

וואָס אַ טאָג הערט הינדעלען הייסער אַף די אייער צו זיצן, — האַלט זי די אויגן פאַרמאַכט און כאָלעמט.

בערעזע האָט איר אַסאַך מאַיסעלעך דערציילט און אויסדערציילט. אַסאַך פון זיך און מערער כון יענעם.

הינדעלע האָט געהערט און אויסגעהערט, און גאָרניט געוואוסט — וואָרום זי האָט געהאט פון אירס אייגנס וואָס צו קלערן:

— נו, וועט זיך דאָס האָן אַ ביסל פרייען, — ניט פון וואנען, ניט פון וואָס וועט זי דאָס מיט, אַנאַנגהאָרע, אַזוי פיל קינ, ער אַראָפּקומען...

און איינמאָל...

זי איז שוין אַזאַ גרינגע געווען, אַז זי איז מיטן ווינט געפלויגן, און אַזוי הייס איז אין נעכט שיין געווען, אַז ס׳האָט איר אין די ביינער געבראַטן.

דער אויסגעגלייכטער שנאָבל איז באַ איר צעעפנט, זי פאָכעט מיט דער נעשאָמע...

און הערט! — —

ס׳האָט אונטער איר אַ פּישטשע געטאָן.

באַ הינדעלען האָט פאר פרייד דעם אָטעם אין שנאָבל פאַרכאַפּט.

זי גלויבט ניט — זי הערט זיך צו, און ווייטער אַ פּישטש, און נאָך, און נאָך. אָט אַ פון אונטער איין פליגל, אָט פון אונטערן צווייטן — און פּיק!

און ווייטער אַ פּיק, און ס׳ברעכן זיך ווענט.

באַנאַכט איז דאָס געווען.

און ביז טאָג האָבן זיך די הינדעלעך אויסגעפּיקט.

בערעזע אַלטע איז שוין אויך די נאַכט ניט געשלאָפן — געוויאָלט הינדעלען וואָס העלפן, מיט אַ געניטער אייצע איר דינען. נאָר הינדעלע האָט אַליין אַלץ געוואוסט, קיינעמס אייצעס ניט באַדאַרפט, אַליין מיט שנאָבל די געל־געוואָרענע האַלבע שאָלעכלעך אַרויסגעוואָרפן, די נאַסע

אויפעלעך אונטער די פליגל און צווישן די פיסלעך איינ־געמאָסטעס...

ביז טאָג האָבן זיך די אויפעלעך אויסגעטרוקנט און שוין צו זיך געקומען.

שוין פּי — פּי... — עסן געמאָנט.

— דאַרף מען שוין זיך מיט זיי פאַר דער וועלט ווייזן.

שפּרינגט הינדעלע פון נעסט אַף די צווייגן און רופט נאָך זיך די קינדער:

— פּיק־פּיק־פּיק, טיפּקעלעך מיינע, — רופט זי — און שאַרט מיט די פינגער־נעגל, ווי זי וואָלט טאַקע בעעמעס וואָס געפונען.

האָן האָט אין ווינקל־הויף דערהערט, דעם קאָפּ אויפ־געהויבן און פאַרוואונדערט געגומען קאָ־קאָ־קאָ פרעגן.

איז דערווייל די באַלעבאָסטע געוואוירע געוואָרן און גיך מיט אַ זיפּ און מיט אַ לייטער צום בוים זיך געלאָזן. אַרויף — און אין זיפּ אַריין פיר און צוואנציק הינדעלעך אויסגעציילט: געל־ווייכינקע, ברוין־ווייכינקע און שוואַרץ־ווייכינקע.

טיפּקעלעך האָבן סימאָנים פון פליגעלעך געהויבן און געפּישטשעט. הון־קוואָטשקע איז צעפּידעט, שפּרינגט זי אָפן בוים און פון בוים, אָפן לייטער און פון לייטער, זי שלאָגט זיך מיט די פליגל, קאָקעט און קוואָקעט. האָן איז איבעראַשט און וויל באַלעבאָסטען נאָר די אויגן אויס־פּיקן.

קוים די אויפעלעך פון זיפּ אַרויסגעלאָזט.

זיינען ערשט די קינדערלעך פון שטוב אין איינע העמ־דעלעך אַרויסגעלאָפן. מיט פרייד און מיט ראש: ניסעלע

טראָגט הירזש אין אַ שיסעלע, זיסקעלע טראָגט וואַסער אַ פּושקעלע. טיפּקעלעך לערנען זיך פּיקן אַ קערנדל, טרינקען אַ וואַסערל. בּאַ קוואָטשקען קריינדל־קעפּל דער שלייער דרייט זיך, בּאַ האָנען געלמאַטקע דער קאַם פרייט זיך...

דעם אָנבּייסן געענדיקט, מאַכט ערשט האָן אַ וואַרע. לאָזט זיך קוואָטשקע־הינדעלע אַט אַזוי, אַט אַזוי, מיט פיסעלעך טאַנצן.

פליגעלע איין, פליגעלע אויס, —
און די מאַיסע איז אויס.

# דאָס קירבעסל און דאָס קאַיונדל

געלעגן איז אין גאָרטן איינמאָל אויף זומער קליין קיר־בעסל לעבן גרויסן קירבעסל.

דערציילט גרויסער קירבעס קליין קירבעסלען:

— פון יענער זייט צוים ליגט דאָס דאָרף, פון יענער זייט דאָרף — דער וואַלד, און פון יענער זייט וואַלד איז די שטאָט. אין שטאָט איז די ערד אַ האַרטע — מיט שטיי־נער אויסגעבעט. דאַרף מען זיך דאָרטן ה־זן נישט אַראָפּ־פאַלן, ווען נישט — קאָן מען זיך נאָר דאָס בעקעלע צע־קלאַפּן.

הערט זיך קליין קירבעסל איין און כאַזוערט:

— איכל מיר טאָקע פאָרן אין שטאָט אַריין.

קומט צוגיין דער גערטנער אין גאָרטן, בעט זיך קליין קירבעסל:

— פיר מיך, גערטנער, אין שטאָט אַריין. ווען ווען מיר פאָרן אין שטאָט?

טוט דער גערטנער אַ גלעט קירבעסלען פאַרן בעקעלע און זאָגט:

— גוט, קירבעסל, מיר וועלן פאָרן אין שטאָט, נאָר נישט היינט.

היינט וועלן פאָרן די אוגערקעס, — שפּעטער אַביסל די פּאַפּשויען, די זונען־רויזן אין גאָכדעם וועסטו שוין פאָרן מיט קאַווענדלען.

זעט קירבעסל — אוגערקעס זיינען שוין אַוועקגעפאָרן אין שטאָט. פּאַפּשויען קלייבן זיך פאָרן.

— דערנאָך וועלן זונען־רויזן אַוועקפאָרן, באַרימט זיך קירבעסל, וועל איך שוין פאָרן.

דערווייל זיינען שוין אַוועק לאַנגע נעכט און קאַלטע. שפּעט איז געקומען די זון יועקן קירבעסלען און זיך שפּילן מיט אים.

איינמאָל אינדערפרי כאַפּט זיך קירבעסל אויף.

ערשט דער גערטנער שטייט.

— אין שטאָט אַריין? — האָט זיך דערפרייט קירבעסל.

— אין שטאָט אַריין, — זאָגט דער גערטנער — קאַוונדל זיצט שוין אַפן וואָגן און וואַרט אַף דיר.

זיצט טאַקע קאַיונדל אויבנאָן, לעבן אים — קירבעסלען אַוועקגעזעצט. ביידן רייטע טיכעלעך אָנגעטאָן און מ׳פאָרט.

— אַזעלכע בא דיר יאַדערלעך? — פרעגט קאַיונדל.

— ווייסינקע. — ענטפערט קירבעסל שטילינקערהייט.

— און בא מיר — זאָגט קאַיונדל, — זיינען זיי שוואַר־צינקע.

פאָרט מען זיך אַזוי און מען פאָרט, יעדער דורכגייער פאַרנייגט זיך ביז די קני, באַגריסט זיי און קלערט צו זיך אַליין:

— אָט, ס׳אַראַ שיינע פאַנעלעך ס׳פאָרן עס!..

איז טאַקע געווען אַן עמעס: פון יענער זייט פליט איז געשטאַנען דאָס דאָרף: האָט מען דאָרטן די [illegible] אָנגע־טרונקען. פון יענער זייט דאָרף — אַ וואַלד: האָט מען [illegible] די פערד געפּאַשעט. און פון יענער זייט וואַלד האָט אָנגע־הויבן טרייסלען אַף די האַרטע שטיינער, האָט מען שוין

**די גאָלדענע שפּיצן אַרויסגעזען פון ווייטן און ס'האָט אַזוי געטרייסלט, אַז מען האָט נישט געקאָנט אָפּן פון אײַנזיצן.**

רוקט זיך צו קאַווגדל צו קירבעסלען און פרעגט אים:

— אַוועלכע זײַנען בײַ דיר, קירבעסל, יאָדערלעך?

— ווײַסינקע. — זאָגט קירבעסל.

— טאָקע? און בײַ מיר — שוואַרצינקע.

און ווי ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן מאַרק, איז געקומען אַ ווײַבל, האָט איר דער גערטנער געגעבן אויף איין האַנט קירבעסלען, אויף דער צווייטער האַנט קאַוונדלען און זאָגט:

— געדענקסט, ווײַבל, איר זאָלט מיר קאַוונדלען און קירבעסלען אָפּהיטן.

— גוט — זאָגט דאָס ווײַבל.

האָבן זיך גענומען די קינדערלעך זעגענען מיטן גערטנער:

— אַ גוטן טאָג, גערטנער, — זאָגט קירבעסל.

— אַ גוטן יאָר, קירבעסל געלבעקעלע.

— אַ גוטן טאָג, גערטנער, זאָגט קאַוונדל.

— אַ גוטן יאָר, קאַוונדל גרינפּלײַטשקעלע.

האָט שוין דאָס ווײַבל געוואוסט, ווי אַזוי מען רופט זיי, און איז אַוועק מיט קאַוונדלען און קירבעסלען אין שטוב אַרײַן.

זײַנען זיי געגאַנגען איבער טרעפּ און איבער לייטערס. געגאַנגען, געגאַנגען און געגאַנגען.

— מומע, שוין באַלד? — פרעגט געלבעקעלע.

— מומע, שוין באַלד? — פרעגט גרינפּלײַטשקעלע.

— אָט, שוין, — זאָגט דאָס ווײַבל — און האָט אָנגעקלונגען און אויפגעוועקט די קינדערלעך.

האָבן זיך די קינדערלעך גענומען פרייען מיט די געסט:
— מאַמע ווי אַזוי ייסט דער ׳
— קירבעסל געלבעקעלע.
— און דער?
— קאַווגדל גרינפלייטשקעלע.
האָבן זיי די קינדער גענומען קייקלען איבער דער דיל און זיך שפילן מיט זיי.
— נאָר דאָס גישט, — זאָגט די מאַמע — דער גערטנער האָט אָנגעזאָגט, מע זאָל זיי אָפּהיטן.
האָבן באַלד די קינדערלעך אויסגעזוכט אַ ווינקעלע אין שטוב, זיי אויסגעבעט, בײדן שלאָפן באַלייגט. און אַליין זײנען זיי אַוועק קאַווגדלען און קירבעסלען — מיצעלעך נייען.
ליגן קירבעסל און קאַוינדל אין מיטן שטיב אין ווינקעלע, רופט זיך אָן קאַוינדל:
— באַ דיר, קירבעסל, יאָדערלעך, זאָגסטו, ווייסינקע?
— יאָ — — —
— און באַ מיר גאָר שיאַרצינלע.

# בוימל קויפט מען? — בוימל מאַכט מען!

מייקע האָט ניט געהאַט קיין טאַטן, ער האָט נאָר גע־האַט אַ מאַמען און אַן אַלטן זיידן.

מייערקעס מאַמע מיטן זיידן זיינען געווען אָרעמע, האָבן זיי ניט געהאַט קיין גוטע זאַכן צום עסן. אַמאָל נאָר, א־ יאָנטעוו, פלעגט די מאַמע קויפן אַ פלעשעלע אייל ...עו בוימל און צופרעגלען אַף אַ גאַז איבערן פייער, אַמאָל מיט ציבעלעס, אַמאָל אָן ציבעלעס. פלעגן זיי אַלע עסן מיט ברויט.

מייקע האָט זייער ליב געהאַט געפרעגלטן בוימל. פלעגט ער נאָך יעדן יאָנטעווודיקן וואַרעמעס לעקן די פינ־גער. ביז די מאַמע האָט אים איינמאָל געזאָגט, אַז ס׳איז ניט שיין לעקן די פינגער, האָט ער געמוזט אויפהערן.

איינמאָל, ווען די מאַמע מיטן זיידן זיינען שוין געווען אינגאַנצן אָרעם, און ס׳איז געקומען אַ יאָנטעוו־טאָג. אין אַלע הייזער האָבן זיך געהייצט די אויוונס, און פון די קוימענס שפאַרט אַ רויך. און ס׳טראָגט זיך איבער די גאַסן אַ ריח פון פעטע שמעקנדיקע מאַכאָלים.

אינדרויסן איז אַקוראַט געווען פרילינג. קומט מייקע צולויפן פון גאַס. אים איז שלעכט אַפן האַרצן, הויבט ער אָן רייבן מיט די הענט די נאָז.

— מע טאָר ניט רייבן די נאָז, — זאָגט די מאַמע! לאָזט מייקע אָפּ די נאָז און נעמט רייבן די אויגן.

— מע טאָר ניט רייבן די אויגן — שרייט אָן די מאַמע.
דאָ קען זיך שוין מייקע ניט איינהאַלטן און שיסט אויס א געוויין:
— ער וויל די ווייסע טעלער זאָלן מען געבן צום טיש...
— וואוהין טויגן די ווייסע טעלער, אַז סע איז ניטאָ פאַרוואָס צו קויפן קיין בוימל.
וויינט מייקע אַלץ ווייטער, וויינט און וויינט, וואָס ווייטער שטאַרקער, און אַף אַ קול.
רוקט זיך אַרויס דער זיידע פון אינטערן אויוון און רופט זיך אָן:
ווי קלערסטו, בראָכע (אַזוי הייסט מייקעס מאַמע), אַז מ׳וויל האָבן בוימל אַף אַ גאַנץ יאָר?..
— קויפט מען! — זאָגט די מאַמע.
— קויפט מען? און מיר דאַכט זיך, אַז בוימל קאָן מען מאַכן...
— ניין, מע מוז קויפן! — זאָגט די מאַמע.
— ניין, בוימל קאָן מען מאַכן — זאָגט דער זיידע.
זיי דינגען זיך, און מייקע הערט דערווייל אויף וויינען און נעמט זיך איינהערן.
— אָט וועסטו זען, — זאָגט דער זיידע, — אַז איך מיט מייקען וועלן זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט, וועלן מיר האָבן בוימל אַף אַ גאַנץ יאָר. און דאָס קינד וועט דערווייל פאַרשפאָרן וויינען און מעקאַנע זיין ל יטי
באַ מייקען האָבן גענומען גלאַנצן די אויגן, ײנט
יי ניט, ער כליפעט זיך נאָר אָפּ.
אמיר, זיידע... לאָמיר מאַכן אַף אַ גאַנץ יאָר בוימל!.. וי אַזוי מאַכט מען?.. מיט וואָס מאַכט מען?..

— נאָר ניט געאײַלט,— זאָגט דער זיידע,— נעם אַ גראָב־אײַזן און קום מיט מיר אין גאָרטן אַרײַן.

אינדרויסן איז געווען פרילינג. די ערד אַ באַשײַנטע פון זון האָט זיך שוין צוגעטריקנט. פון די שנייען מיט די וואַסערן איז שוין לאַנג קיין סימן ניט געווען, מייקע און נאָך יאַסן האָבן שוין לאַנג פאַרוואָרפן די שיך און אומגע־לאָפן באָרוועסע.

געקומען אין גאָרטן, וואַרפט אַראָפ דער זיידע זײַן קאַפּאָטע אויפן פּלויט און נעמט צעגראָבן די בייטן. אַף אים קוקנדיק, ט'געכאַפּט מייקע און אויך אַראָפּגעוואָרפן זײַן רעקל און נעמט אויך גראָבן. דער זיידע גראָבט מיטן גרויסן אײַזן, און מייקע מיטן קליינעם אײַזן.

אינמיטן דער אַרבעט טוט מייקע אַ פרעג דעם זיידן:

— זיידע, מיר וועלן אויסגראָבן אַ ברונעם פון בוימל?

— ע, ניין,— זאָגט דער זיידע,— ניטאָ קיין ברונעמס פון בוימל, בוימל דאַרף מען פאַרזייען, וועט אויסוואַקסן.

גענומען דער זיידע אַביסל טוטין־בלעטער און אַוועק־געטראָגן צום שאָכן און געבראַכט צוריק אַן אַרבעלע יאָדערן־קערלעך.

— מיר וועלן זעצן זונען־רויזן,— זאָגט דער זייד

— און בוימל?

— בוימל אויך. דו זאָלסט זיך נאָר ניט אײַלן.

צעבאַראַנאָוועט, פאַרזייט, באַשפּריצט די בייטן מיט וואַסער, ווײַל ס'די וואָך ניט געווען קיין רעגן.

און ס'וואַקסן זונען־רויזן.

פריִער זײַנען אַרויס קליינע בלעטעלעך. דערנאָך זײַנען זיי געוואָרן גרעסער. אַוועק אַ כוידעש, דאָס שטענגל

וואַקסט, ווערט העכער און שטאַרקער. ס'וועט ניט שאַטן, — זאָגט דער זיידע אַרומטשיפּן אַנדערע בלעטלעך, וועלן די רעדלעך וואַקסן גרעסערע.

— אַזוי, רייסן? פרעגט מייקע.

— ניין, ניט פאַרייסן. אָפּטשיפּן, אָדער מיט אַ שאַרפן מעסער אָפּהאַקן, פון פונדהינטן אַרויף, אַ. און טו אַ רוף די שכיינע, אויב זי וועט צינעמען די בלעטער פאַר דער קו וועגן, וועט זי באַצאָלן מיט מילך.

טעג גייען, און דער גאָרטן בליט. ס'האָבן זיך אויסגעפירט רעדלעך פון די קנאָספּן, זיך צעוואַקסן און בליען זיך אַזוי. זיי דרייען זיך נאָר צו דער זון. וואו די זון איז, אהין דרייען זיי זייערע רעדלדיקע קעפּ.

אַף אַנדערע שטענגלעך זײַנען אַרויס אַזוי אַרום דער גרויסער ראָד אָנגעוואַקסן קליינע רעדעלעך און דרייען אויך די קעפּלעך צו דער זון נאָך דער גרויסער ראָד נאָך און אַזוי גייט עס — בליט גרייסע ראָד. בליען די קליינע רעדעלעך אויך.

איינמאָל קריכט צו מייקע, מיט אַ שאַר דאָס בליעכץ באַם ראָד אַפן פּאָנעם, פאַלן אָפּ אַסאַך ווייסע לעמפּעלעך, און מייקע דערזעט ווייסע, נאָך ניט קיין צייטיקע יאָדערן.

— זיידע! יאָדערן! — שרייט מייקע, — ווייסע יאָדערן!

— גוט, — זאָגט דער זיידע, — די קליינע פּיפּעשקעלעך מעגסטו נעמען זיך, און די רעדער זאָלן וואַקסן.

— זיידע! — שרייט אויס מייקע ווידעראַמאָל, — זיידע! די פייגלעך פּיקן אויס די יאָדערן. אָט זע — אין דעם אַ רעדל האָבן זיי אויסגעפּיקט אַ גאַנצע שטיק!

— זיי ווילן עסן, — זאָגט דער זיידע, — פּיקן זיי. מע דאַרף נאָר זעען, מ'זאָל אונז אויך עפּעס בלייבן. גיי מייקע, ברענג מיין אַלטע צעריסענע קאַפּאָטע, זי הענגט אין הויז, און געפּין ערגעץ צווישן שאַפע אַן אַלטע צעריסענע היטל.

דער זיידע האָט גענומען, איבערגעבונדן צוויי שטעקנס אין אַ ציילעם, אַריינגעשטעקט דעם לענגערן אין דער ערד, אָנגעטאָן די קאַפּאָטע אויף די אָרבל פון דעם ציילעם, די היטל אויפן שפּיץ. איז געוואָרן אַ מענטש — אַ שרעקער. טוט דער ווינט אַ בלאָז, טוט זיך דער שרעקער אַ דריי. פויגעלעך מיינען, אַז אַ מענטש טרייבט זיי, מאַכן זיי פּלייטע.

ביז די יאַגדעס זיינען שוין געוואָרן צייטיק, די רעדער האָבן אַראָפּגעלאָזן די קעפּ, האָט דער זיידע מיט מייקען אַרויסגעשניטן די רעדער און זיי געשפּרייט נאָך אויפן דאַך אָנקעגן דער זון, זיי זאָלן ווערן אײַנגאַנצן פּאַרטיק.

דענסטמאָל האָבן זיי אויסגעשפּרייט זעק אויף דער ערד, גענומען די רעדלעך און צעדראָשן, אויסגעדראָשן צייטיקע יאַגדעס.

— איצט וועלן מיר זייען בוימל? — זאָגט מייקע.

— ניין, — ענטפערט דער זיידע, — איצט וועלן מיר מאַכן בוימל.

— טאָ ווי אַזוי?

אָט וועסטו באַלד זען.

אָנגענומען דער זיידע אַ זאַק מיט יאַגדעס, אַ קליין זעקעלע געגעבן מייקען און זיך אַוועקגעלאָזן ביידע צו די אייל-שלאָגערס. די אייל-פּרעס איז געשטאַנען אויף

א גרויסן הויף אונטערן שטאָט, דאָרט זיינען געשטאַנען אַסאַך פורן. פויערים פון די דערפער האָבן אויפגעפירט אייל־זרימען און יאָדערן.

— שאָלעם־אַלייכעם, — מאַכט דער באַלעבאָס מיט די פאַרקאַטשעטע אַרבל אין פאַרפעטיקטע הענט — איר זיינט געקומען שלאָגן אייל?

— יאָ, — זאָגט דער זיידע, — איין זעקל געבראַכט.

— גוט, מיט דער מינוט!

גיך האָט מען אַריינגעוואָרפן אין פּרעס די יאָדערן, די מאַמע האָט נאָך געבראַכט א קיילע, און אין אַ שאָ ארום זיינען זיי אַלע געגאַנגען אַהיים און געטראָגן א קענדעלע בוימל פון אַ גוטע צען פונט.

אַ גאַנץ ווינטער האָט מייקעס מאַמע געבאַקט און געפרעגלט אַף בוימל גוטע זאַכן.

מייקע האָט שוין מער ניט געלעקט די פינגער. נאָר אַמאָל פלעגט ער אונטערלאַכן צו דער מאַמע אַפן קיך און א זאָג טאָן.

— נו, וואָס הערט זיך, מאַמע? בוימל קויפט מען?

— נו, יאָ, בוימל מאַכט מען, — ענטפערט דער זיידע שטילערהייט אַ צופרידענער און שמייכלט. די מאַמע שמייכלט אויך.

נאָר מייקע — ניט ער שמייכלט, ער טאַנצט.

— בוימל קויפט מען? — זאָגט ער.

— בוימל מאַכט מען!

און טאַנצט, אז אַ רויך גייט!

# אַ מאַיסעלע

איך וויל אייך דערציילן אַ מאַיסעלע מיט פּיניען דעם סאָלדאַט, מיט זיינע צוויי אינגעלעך אַוורהמען און זאַלמען, מיט די טייבעלעך און מיט דער קאַץ. איך ווייס ניט צי די מאַיסע איז אַ שיינע, אָבער דערפאַר איז זי אַן עמעסע.

אַז פּיניע איז געוואַקסן אין אַ דאָרף, ווייסט איר מיסטאמע אַלע. געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף און געוואַקסן, געפירט מיטן טאַטן אָקסן אַף די יאַרידן ביז ער איז געוואָרן אַ גרויסער און איז אַוועק אין סאָלדאַטן. זיך אויסגעדינט אין סאָלדאַטן, איז ער געקומען אַהיים און כאַסענע געהאַט. אַז ער האָט כאַסענע געהאַט, האָט אים די ווייב געהאַט צוויי אינגעלעך—איינער אַוורהאָם און איינער זאַלמען. האָט זיי פּיניע ליב געהאַט די אינגלעך. די ווייב האָט נאָך געהאַט מיידלעך אויך, נאָר ביז די מיידלעך האָבן באַדאַרפט וואַקסן, זיינען שוין די אינגלעך געוואָרן גרויסע, — אַווראָמען איז געוואָרן זיבן יאָר און זאַלמענקען — זעקס. טאָקע געזונטע צוויי אינגאַטשעס. אַז פּיניע גייט אין אַ יאָנטעווטאָג שפּאַצירן, פירט ער איינעם פאַר דער רעכטער האַנט און איינעם פאַר דער לינקער.

גייט איינמאָל דער טאַטע אַוועק אַפן דאָרף אָנשלאָגן רייפן אַף דער דייזשקע און ברענגט צוטראָגן אַווראָמען מיט זאַלמענקען, טרעפט וואָס?

צוויי... קליינינקע טייבעלעך!

אָבער שוין איינמאָל טײַבעלעך!
גאָר אַזויִנס ווי אַזעלכס.

מיט אַזעלכע העלזעלעך, מיט אַזעלכע קעפּעלעך; און פּעדערלעך זײַנען בײַ די טײַבעלעך — אוי, שײנינקע! ניט ווײַס, ניט גרין. איז אַז זיי גייען זיי קענען אַרומגיין אויך די טײַבעלעך) טוּקן זיך בײַ זיי די העלזעלעך, די קעפּעלעך אויך.

זאַלמען וויל זיי כאַפּן.

שרײַט אַף אים אַווראַם:

— גיי, שרײַט ער אַף אים, גיי אַוועק, זאַלמענקע, זיי וועלן ניט וואַקסן, אַז דו וועסט זיי טאַפּן מיט די הענט!..

און בײַ דעם טאַטן איז די באָרד אַ ווײַסע, לאַכט ער, ווי אַזוי די בעזורע שפּילן זיך מיט די טײַבעלעך און עסט דערווײַל לאַטקעס מיט האָניק. גיך עסט ער די לאַטקעס מיט האָניק, ווײַל ער דאַרף נאָך גיין צו דער אַרבעט.

— זע נאָר, טאַטע, — שרײַט אַווראַם, — ער שרעקט די טײַבעלעך אָט דער זאַלמען קאַלמען... איאַ זיי וועלן ניט וואַקסן די טײַבעלעך, אַז מ'טשעפּעט זיי מיט די הענט?

— מ'מ', אַוואַדע וועלן זיי ניט וואַקסן! — ענטפערט דער טאַטע און שטופּט די לאַטקע מיט האָניק אין מויל אַרײַן. — גייט, גיט זיי בעסער אַ ביסעלע הירזש, שיט זיי אָן אין אַ שיסעלע!

האָבן זיך אַוועקגעשפּאַרט ביידע בעזורע אין קיך אַרײַן נאָך הירזש, יעדערער וויל פריער כאַפּן דאָס שיסעלע, שלאָגן זיי זיך אַפּן וועג, אַווראַם מיט זאַלמענען, און שטופּן זיך מיט די עלנבויגנס.

און די טײַבעלעך — טאַקע שײנינקע טײַבעלעך, האָבן זײ שוין גאָר קײן מוירע ניט, זײ גײען זיך אַרום אונטערן טיש און אונטער דער קאַנאַפּע און אַז זײ ווילן, פליִען זײ גאָר אַרויף אויף דער שאַפע.

— אוי, טאַטע, — שרײַט זאַלמען, — זײ וועלן נאָך איבער־קערן די שאַפע!

— ניין, ניין זײ וועלן ניט איבערקערן, — מאַכט דער טאַטע, — זײ זײַנען ניט קײן שווערע.

. . .

געווען בײַ בראָכען, בײַ דער מאַמען זײערער, אַ קאַץ אין קיך. אין שטוב זעט מען זי ניט. שמעכנדיק זיצט זי אין קיך: דאָרטן וואַרפט מען איר אַראָפּ אַ בײנדל; דאָרטן גיט מען איר אַ טעלער אויף אויסלעקן, דאָרט מאַכט זיך אַ מאָל, אַז אַ מײַזעלע לויפט דורך. און אין קיך איז טאַקע זײער וואַרעם.

אַ גרויסע איז זי, די קאַץ. אַ ראָבע און אַ שווערע. די יאַטן שפּאַנען זי אַמאָל אײַן אין לײצעס און אין אַ שלײער זי זאָל זײַן אַ פערד, ווײַל זי ניט זײַן קײן פערד — זי וויל בעסער פאַרקריכן אויפן אויוון ווײַט־ווײַט, זיך אײַנדרײען אין די שמאַטעס און שלאָפן.

אַז מ׳האָט געבראַכט די טײַבעלעך, האָט זי זיך אַרײַנ־געווײזן אין שטוב אַרײַן, אָט די קאַץ, זיך פאַרזעצט אין אַ ווינקעלע און געקוקט.

— וואָס קוקסטו?! איז צוגעלאָפן צו איר אַווראָם און זי געגעבן אַ קנאַק מיטן האַנטיך.

— זי וויל זיך שפּילן מיט די טײַבעלעך, זאָגט זאַלמען.

— יאָ?! זיך שפּילן?! אַ קאַץ קאָן אויפעסן אַ טייבעלע אויך.

— אַ קאַץ קאָן ניט אויפעסן קיין טייבעלע — זאָגט זאַלמען.

— נו־נו, דו ווייסט זייער, זאַלמענקע! און אַוועקגע־טריבן מיטן האַנטוך די קאַץ.

איבערגעזעצט האָבן די טייבעלעך אין שטוב, גאַנץ פרי האָבן די כעוורע אַרויסגעטאַנצט פון די בעטן און גענומען קערן די וועלט.

— איר הערט ניט אויף איבערקערן די שטוב, — האָט אויסגערופן די מאַמע מיט אַ קאַס. — אַט וואַרף איך אייך אַרויס מיט די טייבעלעך אינאיינעם.

און די אינגלעך ווילן ניט מע זאָל אַרויסוואַרפן די טייבעלעך, מע דאַרף נאָך ערשט אויפקלאַפּן אַ טויבן־שלאַק און דאָרטן וועלן די טייבעלעך לייגן אייעלעך. דער טאַטע האָט אַליין געזאָגט! און עס וועלן זיך אויספירן פאַרן זומער אַסאַך טייבעלעך. זונטיק וועט דער טאַטע האָבן צייט. וועט ער העלפן מאַכן אַ טויבן־שלאַק.

— קום זאַלמען, — זאָגט אַזוראַם, — מירן טראָגן די טייבעלעך אַפן בוידעם, דאָרט וועלן מיר זיי האַלטן.

— און טאָמער וועלן קומען טאָלדאַטן? — וועלן מיר זיצן אַפן בוידעם און היטן.

פאַרטראָגן די טייבעלעך אַפן דאַך און זיי אָנגעטראָגן אַהין עסן און טרינקען. זאַלמען קען ניט איינהאַלטן די טייבעלעך, זיי רייסן זיך פון די הענט — טראָגט זיי אַזוראַם. און ס׳איז גוט.

זיי גייען צוריק, ערשט די קאָץ זיצט אַפן לייטער און באַלעקט זיך. קוקן קוקט זי אפצוקלוימערשט אין ערגעץ ניט. דערזעען די אינגלעך, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען און גיך אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

אַ גאַנצן טאָג, אַז די אינגלעך קריכן אַפן בוידעם און פון בוידעם, די היטלעך אַף אַ זייט, די מאַטקעס צעריסן, אויסגעשמירטע און האָבן ניט קיין צייט אַפילע אָפּ־צועסן.

געקומען די באָבע, דער מאַמעס מאַמע, פרעגט זי:

— פאַרוואָס זיינען דאָס די אינגלעך ניט געקומען זיך שפּילן, ניט נעכטן אַ גאַנצן טאָג, ניט היינט אַ גאַנצן טאָג.

— אוי,—זאָגט די מאַמע,—ס׳איז דען אינגלעך, פאַראַן ערגעץ אַזעלכע? ס׳איז ניט קיין אינגלעך, ס׳בריטאַנעס. דעם געראָטענעם טאַטן זייערן האָט זיך פאַרגלוסט טייבעלעך, האָב איך שוין קורצע יאָר פון זייערע טייבעלעך!

— און איך האָב געמיינט,—זאָגט די באָבע,—אַז זיי זיינען כאָלילע שלאָף.

צוגעגאַנגען די באָבע, אָפּגעווישט איין אינגל די נאָז, אָפּגעווישט דעם אַנדערן די נאָז (זי האָט אַ נאַטור די באָבע ווישן די אייניקלעך מיטן פאַרטוך די נעזער. ווישט זי אָבער אַזוי שטאַרק, שיר וואָס זי ווישט זיי אינגאַנצן ניט אָפּ)...

— הערסט אַ מאַיסע,—זאָגט די באָבע,—האָט איר שוין גאָר טייבעלעך, האָט איר?

— נאָט אייך, קינדער, צו קיכלעך. און די באָבע נעמט אַרויס פון פאַרטוך־קעשענע צוויי רעטשענע קיכלעך און גיט דעם איינעם און דעם איינעם.

— קום, ־מירן אַוועקטראָגן די טייבעלעך עסן! שרייט זאַלמען, — אַווראָם, אַווראָם, טייבעלעך עסן קיכלעך?

זיי לויפן אַוועק דורך דער קיך־טיר אַפן בוידעם און זעען איין טייבעלע פליט אַרום מיט דערשראָקענע אויגע־לעך טאָ אַהער, טאָ אַהין און דאָס אַנדערע איז ערגעץ ניטאָ.

— וואו קען עס זיין, דאָס אַנדערע טייבעלע?..

זיי זוכן, זיי אָקערן איבערן בוידעם, — ניטאָ דאָס טיי־בעלע אין ערגעץ. זיינען די אינגלעך צעטראָגן געוואָרן, די היטלעך האָבן זיך בא זיי אַראָפגערוקט אַריבער די אויגן, פון די נעזער רינט און ס׳איז זיי הייס. זיי נעמען שרייען פון בוידעם, ערשט די קאַץ טוט אַ לויף־אַרויס פון אַ ווינקל, שפּרינגט אַרויס דורך דער הויז־טיר און אַפן גאָרטן: די ראַבע קאַץ די שווערע!

אַווראָם מיט זאַלמענען האָבן זיך גענומען יאָגן נאָך דער קאַץ. זיי ווילן זי נאָר האַרגענען. אַף טויט ווילן זיי זי האַרגענען! און קענען זי אָבער ניט כאַפּן. זי שפרינגט איבער די פּלויטן, איבער די גערטנער און גלייך צו דער באָד אַוועקגעלאָפן.

— אוי, ס׳אַ טייער טייבעלע, — שרייט אַווראָם.

— אוי וויי, אַזאַ טייבעלע, — צורעפעט זיך זאַלמען.

געוויס האָט זי די קאַץ געפּאַטערט! די שווערע קאַץ! די גראָבע!

און אַף מאָרגן — אוי וויי, אַף מאָרגן איז נאָך געגאַנגען די בעדערן און געפינען אַפן גאַנצן גאָרטן, איבער אַלע בייטן זייבען געווען צעזייט פאַרבלוטיקטע פעדערלעך...

אוי וויי, פון דעם טייבעלע די פעדערלעך?!

אווראָם ווייַנט און זאַלמען ווייַנט, זיי מוזן האַרגענען די קאַץ!

אַזאַ קאַץ אַ געזונטע זאָל גאָר גיין דערוואַרגן אַזאַ פּיצענקע טייַבעלע.

— זי גאַנוועט זיך נאָך פון נעכטן אָן,— שרייַט אַווראָם,— איך וועל איר ווייַזן! איך וועל זי האַרגענען, צום טויט וועל איך זי האַרגענען.

— ניין, מ׳דאַרף איר אויסשניידן די צונג,— שרייַט זאַל־מען,— מ׳דאַרף איר אויסשניידן די צונג, דערפאַר וואָס זי האָט געגעסן דאָס טייַבעלע.

אַווראָם איז אַ קאַיעסניק און אַ ריירנדיקער. זיין טאַטע איז דאָך געווען אַ סאָלדאַט. ט׳ער געכאַפּט דאָס מעסער פון קיך, ער און נאָך אינגלעך און זיי זייַנען אַוועקגעלאָפן נאָך דער קאַץ.

אונטער דער שטאַל האָבן זיי זי געפּאַקט און איר עפּעס געטאָן דער קאַץ. וויפל זי האָט ניט געוויינט, וויפל זי האָט זיך ניט געביסן מיט די ציין און זיך ניט געדראפּעט, האָבן זיי איר עפּעס געטאָן און עס האָט באַ איר געגאָסן בלוט באַ דער קאַץ פון מויל.

ס׳וואָלט דאַרפן זיין אַ ליגן, נאָר זאַלמען דערציילט, אַז ס׳איז עמעס.— מיר האָבן איר אויסגעשניטן,— דערציילט ער,— דער קאַץ די צונג. און נאָך עפּעס דערציילט ער אויך:

— די מאַמע,— דערציילט ער,— האָט געשמיסן אַווראָ־מען פאַר דער קאַץ מיט אַ רוט. פאַר אַזאַ קאַץ,— דער־ציילט זאַלמען באַ דער מומע אין שטוב,— פאַר אַזאַ קאַץ דאַרף מען ניט שמייסן. זי איז אַ שלעכטע. זי וועט זיך

שוין מער ניט גאַנוועגען צו קיין טייבעלעך, זי האָט שוין ניט מיט וואָס צו עסן.

דערווייל פליען אַרום די פעדערלעך אַפן גאָרטן, די אינגלעך לויפן אַלע מאָל קוקן צו דער איין טייבעלע, זיי שלעפן דעם טאַטן אַהין און קלייבן האָס אַף דער קאַץ, אַוואָס קלייבט זיך נאָך ערשט איר אָפּהאַקן מיט אַ האַק דעם עק.

איין קאַץ איז נאָר פאַראַן אין שטאָט און אַ צונג און די איבעריקע ווייסט מען ניט; דערווייל געפּאַטערט אַזאַ שיי־נינקע טייבעלע.

און אַז די יאַטן וועלן אויסוואַקסן גרויסע, און מירן לעבן און זיך מיט אייך ווידער אַמאָל באַגעגענען, האָב איך אייך נאָך עפּעס וואָס צו דערציילן פון זיי, וועט עס דענסטמאָל זיין.

# רײַנע די יונגע

ווער ווייסט, ווער ווייסט, וויפל מיר איז דעמאָלט געווען יאָר.

עפשער 10, עפשער 12, און עפשער גאָר פיר.

האָט מען געדאַרפט די קאַרטאָפל גראָבן אַפן פעלד.

און אַ וואָסער איז בײַ אונז פעלד, ווייסט איר?

פון איין זייט איז הימל, פון דער צווייטער זייט איז הימל און אין מיטן איז אַ בײַרנבוים.

אַפן הימל פּאַשעט זיך מיין פערד. וויל איך, טו איך זיך אַ הויב־אויף, אַ פלי, און אַפן פערד זיך געטראָגן איבערן פעלד און איבער נאָטעס באשטאן אַתינצו, איבערן האראַדעצער באַרג, וואו פראַנץ יאָסעף־קייסער האָט פאַרלאָרן זיין היטל בעאיים מילכאָמע, און נאָך אַביסל בין איך שוין אין אַמעריקע.

אין אַמעריקע רעדט מען פראַנצויזיש. אַז איך רעד צו דער שוועסטער, ווי אַזוי מע רעדט אין אַמעריקע, פאַרשטייט זי ניט קיין איין וואָרט.

די שוועסטער גראָבט די קאַרטאָפל און איך גיי דערווייל נאָך בײַרן. פּאַווליק פּאַשעט די אָקסן לעם בײַרנבוים, איך האָב זיך ניט מוירע פאַר אָקסן. בײַ איין אָקס איז אַ פליאמע אַפן אויג, בײַ דעם צווייטן איז אַ האלבע נאָז א געלע. גרויסע הערנער בײַ פּאַווליקס אָקסן, בײַ מיין זשוק זיינען סאַי ווי גרעסערע הערנער.

איך האָב אַ זשוק, זײַנען בײַ אים געפּלאָכטענע הערנער, ווי בײַ אַ הערש. אין קעסטעלע פון שוועבעלעך קריכט ער ניט דער זשוק, האַלט איך אים אין קעשענע.

די הערנער פון אַ זשוק זײַנען מאָל, טוען זיי זיך אָבער ניט אויס.

ווען זיי לאָזן זיך אויסטאָן, די הערנער, וואָלט איך אַראָפּ־גענומען אַ פּאָר אויף מאָל, נאָר ס׳זאָל אים ווי טאָן, וויל איך ניט. אַ דאיגע, — איך האָב סאַי ווי מאָל.

אַז אַ קוקאווקע קוקעט און מע גייט איינער אַליין צווישן די פּלויטן, ווערט פון איין קאָפּיקע צוויי. אַז מען האָט איין קאָפּיקע אין קעשענע — ווערט צוויי. בין איך סאַי ווי אַ מאַזלדיקער. אינדערפרי גיי איך זיך איינער אַליין צווישן די גערטנער. די זון קריכט צו מיר אין די קעשע־נעס אַרײַן, איז מיר גוט. דערווייל דערהער איך נאָך פון שמערל בײַ אַרפּס בוימער: קוקו־אוו! די זון שווינדלט פון צווישן די פּלעקער און איך גיי זיך פּאַמעלעך.

אַז די קוקאווקע קוקעט, איז מאָל. און דער זשוק זאָל זיך וואַקסן, ער איז נאָך גאָר אַ יונגער. גרינע הערנער בײַ אים. זיי קומען אויס קוים גרין, קוים בלוי.

אַז איך וועל אויסוואַקסן אַ גרויסער, וועל איך האָבן אַ פולן אַלקיר מיט זשוקעס. אין אַ באַזונדער אַלקירל וועלן זיי בײַ מיר אַרומגיין. איין אַלקיר מיט זשוקעס און איינער מיט גאָטס־בהיימעלעך.

מיט אַמאָל דערהער איך, אַז מײַן שוועסטער רופט מיך:

— פּעפּקאַ! אַ, פּעפּקאַ!

— אַהאַ! איך גיי! אָט גיי איך.

— פעפקא, — זאָגט זי, — צעלייג אַ פייער וועלן מיר בראָטן קאַרטאָפל.

אין פעלד איז אַ מעכאַיע, ווילסטו צעלייגסטו אַ פייער אין מיטן בייט. טאָקע אַן עמעסן פייער — און בראָטסט קאַרטאָפל.

— און שוועבעלעך האָסטו?

— מירן צעבלאָזן פון אַ קויל.

— וואו האָסטו דען קוילן?

— אָן אָ רויכערט זיך אַ פיען.

ווער ט'עס געקענט אָנצינדן אַ פיען? ס'רויכערט זיך, און רויכערט זיך. דערווייל איז שטענדיק דאָ פייער. דאַרף מען גיין אין וועלדל נאָך צווייגן.

אַנקעגן אונזער פעלד שטייט אַ וועלדל, אַזוי אַ קליין וועלדל, נאָר נאָך אַ בעסערס פון אַ גרויסן. ערשטנס, וואַקסן דאָרט ניס. אַלע זומער וואַקסן דאָרט ניס. אַז מיין מאַמע איז נאָך געווען אַ קליינע, פלעגט זי דאָרט רייסן ניס. און צווייטנס, איז דאָרט פאַראַן אַ באַרג שטיינער, מיט אַ פאַרשטיינטן שלאַנג. איך ווייס פון דעם שלאַנג אַ גאַנצע מאַיסע. נאַפּטאַלע האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי ער איז געקראָכן, דער שלאַנג, און געגאַנוועט קינדער פון דאָרף. איך ווייס ניט צי עס איז אַן עמעס, נאָר דערווייל איז דאָס אַ וואַלד, אַן עמעסער וואַלד. אַלע פאַרנאַכט קו־מען אַהער די וואַסער־מיידלעך, זעצן זיך אויס אַפן קלאָץ און זינגען. פאַראַן דאָ אַן אויסגעוואַלגערטער בוים — טאָר מען אים ניט רירן פון אָרט, אויב ניט, קאָנען די וואַסער־מיידלעך ווערן ברויגעז. אַפילע קאָלקע דער סאָלדאַט, בעשאַס ער האָט געבויט די שטוב, האָט ער אויך ניט געטשעפּעט די קלאָץ.

איך זיך זיך אונטערן בוים און זיץ. הער איך, מען האָט א קלונג געטאָן אין וואַסער־טאַצן. דאָס האָט טאַקע מיין פערדל געקראָגן צוויי לעוואָנעס און געגעבן אַ קלונג איינס, צוויי, האָט זיך דאָס צעגאַנגען איבערן גאַנצן טייך. זיינען אַוועק אַרום קלאָץ גאָטס־בעהיימעלעך, גרויסינקע, ווי די הינער אין דער גרויס. מיט באַגילדטע פליגעלעך און מיט לאַנגע גלעזערנע עקן, האָבן זיי זיך געדרייט, די פליגעלעך, און געדרייט און אַרויף אַף די בוימער. זיינען געקומען די זשוקעס מיט די לאַנגע הערנער — אַרויף, אַרויף, גלייך אַף די בוימער. האָבן זיך די בוימער צעשטעלט, און ווי קליינע אינגלעך אין אַ שורע, און עס האָבן גענומען גיין די מיידלעך אין וואַסער־קליידער אָנגעטאָן, מיט האַלבע לעוואָנעס אַפן האַרצן און זיך אויסגעזעצט אַפן קלאָץ.

גייט פאַווליקס אָקס מיט גרינע הערנער און מיט אַ גאָלדענע פעל און אַף אים זיצט „ריינע די יונגע”, ביידע פיס אירע אין אַ זייט אַראָפּגעלאָזט און די האָר שלעפּן זיך איבער דער ערד. נעמט „ריינא די יונגע” זינגען. שטיל־שטיל. נעמען איר די מיידלעך נאָכזינגען, אויך שטיל. זינגען זיי אַזוי לאַנג און נעמען זיך פאַר די הענט. מעסט זיך ריינא מיט די מיידלעך: באַ וועמען זיינען די האָר לענגער. מעסט אָפּ איין מיידל — אין גייט אַוועק, מעסט אָפּ אַ צווייטע — און גייט אַוועק. אַזוי שיקט אָפּ ריינא אַלע מיידלעך צום טייך און אַליין בלייבט זי אין וואַלד און לאָזט זיך זיינען אַ שטילן געוויין. ווערט אין וואַלד גאָר, גאָר שטיל.

ריינא ווייגט, די האָר אַרום האלז פאַרוויקלט, די הענט אַרום בוים אַרומגעוואָרפן, און זי רופט מיך:

— קום צו מיר, אינגעלע, קום, האָב זיך ניט מוירע. קום, איך וועל דיר דערציילן.

איך בין „ריינא די יונגע".

האָב איך זיך מוירע, גיי איך מיט פאַרמאַכטע אויגן.

נעמט זי מיך אַרויף, ריינאַ, וויקלט מיך אַרום מיט אירע לאַנגע האָר, זיינען אַנדערע נאַס פון טרערן. וויל איך זי פרעגן:

— ריינא, דו האסט אַ מאַמע?

זאָגט זי צו מיר שטיל, און מיט אַזאַ לאָשן:

— עלן ייעלן זיבן זאַכן,
שטייען הינדעלעך און לאַכן:
איינע זאָגט: אָט גייט זי, „ריינא".
די צווייטע זאָגט — די האָר נאָך קליינע...
די פינפטע זאָגט — די אַקסלען קרומע,
וויל איר כאָסן שפּעט ניט קומען.
וויין איך מיר אַ גרויס געוויין,
עפּשער וועט מיין כאָסן גיין.

וויל איך זי נאָך עפּעס פרעגן, הער איך, מע רייסט מיך פאַרן אָרבל:

— פעפקא, שטיי אויף! פעפקא, שטיי אויף!

איך עפן אויף די אויגן, שטייט מיין שוועסטער און שלעפּט מיך פאַרן אַרבל.

— קוים געקומען אין פעלד שלאָפן. גיי שיט קאַרטאָפל אָפּן וואָגן.

וויל איך ניט גלויבן. שטייט כאַים אונזערער דער פויעל און קיצלט מיך מיטן בייטש־שטעקל אונטערן האַנט:
— פעפקא, וואָס וויינסטו, פעפקא?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

היינט האָט אונז די מאַמע געבראַכט וואַרעמעס, האָבן מיר געגעסן. געביסן ברויט פונם שטיק, און געגעסן. און פאַרנאַכט האָט דער טאַטע מיט כאַימען געשלעפט די שווערע זעק אָפן וואָגן. אונזער רויטער פערד איז דערווייל אַרומגעגאַנגען אין שפאַן, געכראָמטשעט אָפן פולן מויל דאָס הויכע גראָז. און איך האָב קיין צייט ניט געהאַט, איך האָב נאָך אַלץ געקליבן באַרן.

האָט מיר כאַים אונטערגעשטעלט אַ האַנט, בין איך אַרויף אָפן וואָגן, אָף די זעק. איך האָב געהאַלטן די וויש־קעס און דער טאַטע האָט געפירט דעם פערד פאַר דער צוים אַראָפּ פון באַרג.

די מאַמע האָט געזאָגט, אַז איבעראַיאָר וועט מען ווי־טער גראָבן קאַרטאָפל אָפן פעלד. וועל איך ווייטער אַהין גיין.

ווער ווייסט וויפל ס׳איז מיר דענסטמאָל געווען יאָר? צען צי צוועלף?

און עפשער גאָר פיר!

# דאָס פאַנטאָפעלע

(אַ עגיפּטיש מאַיסעלע)

אין אַ קליינעם דערפל אין עק פון גאַס איז אַף הינער־שע פיסלעך אַ שטיבעלע געשטאַנען, אין שטיבעלע האָט אַן אַלטע מיט איר־יונג טעכטערל געלעבט.

אַ שיינע איז דאָס טעכטערל געווען,— שווער אַ גלייכן צו איר קריגן. האָט די אַלטע געפרייט זיך און געציטערט איבער איר.

געציטערט — קיין רייכע לייט זאָלן איר שיינקייט ניט דערזען און פאַר אַ שיינער דינסט זי ניט אַוועקנעמען.

דערזעט זי נאָר, די אַלטע, אויסגעפּוצטע אייזלען ווייזן זיך אין דאָרף, כאַפּט זי און באַהאַלט דאָס טעכטערל אירס.

איינמאָל איז דאָס טעכטערל אַוועק צום טייך זיך באָדן. אַפן זאַמד נעבן טייך דעם אָנטאָן געלאָזן. שווימען קאָן זי גוט, וואַרפט זי זיך אַריין אין טייך און לאָזט זיך אַראָפּ וואַסער און קעגן וואַסער. די קלאָרע וועלן קושן איר שיינעם לייב, און דאָס מיידעלע שפּילט זיך מיט די וועלן און קאָן זיך זאַט ניט אָנשפּילן. פּלוצים דערהערט זי פליגלען פּאַטשן אין דער לופט. זי גיט אַ קוק — אַן אָדלער האָט זיך נעבן איר אָנטון אַראָפּגעלאָזן, אין זיין פאַרבויגענעם שנאָבל אירן אַ פאַנטאָפּעלע אַריינגענומען, זיך אונטערגעהויבן און ווייט־ווייט צו די הימלען זיך אַוועקגעטראָגן. לאַנג האָט דאָס מיידעלע אהין אַ פאַרוואונדערטע געקוקט. דעם קאָפּ

געהויבן. ס'האָט איר אָבער גאָר ניט געהאָלפן. געמוזט אַהיים מיט איין פּאַנטאָפּעלע און מיט איין באָרוויס גיין.

די אַלטע מאַמע האָט ניט פאַרשטאַנען און עס ניט געוואָלט גלויבן — אַן אָדלער! אַף וואָס דאַרף אַן אָדלער אַ פּאַנטאָפּעלע. עפּשער האָט זיך דאָס מיידל מיט ניט קיין רעכטן באַגעגנט?...

אַ יונגער קייסער האָט אין דעם לאַנד געקיניגט, דאָס פאָלק האָט אים ליב געהאַט, די הויפלייט אים קאָווּעד אָפּגעגעבן. נאָר איין כעסאָרן: — דער קייסער זיצט נאָך אַ באָכער און קאָן זיך זיין פּאָר ניט געפינען.

שיינע פּרינצעסינס זיינען אין לאַנד פאַראַן, און יעדע וואָלט וועלן דעם קייסערס פרוי זיין. זוכט אָבער דער קייסער אַ קאַלע מיט אַלע מאַ'לעס: איז זאָל זי זיין אַ שיינע און דעם פאָלק אַ קלוגע מאַלקע און אַ גוטע.

און מיט אַלע מאַ'לעס איז שווער צו געפינען.

זיצט איינמאָל דער קייסער מיט זיינע הויפלייט אין אַ האַלבן ראָד באַם טויער פון שטאָט, ווי דער מינהעג איז דאָרט געווען: טאָמער פעלט עמיצן עפּעס, טאָמער באַגייט ווער וועמען אַן אומרעכט, קומט ער צום טויער פון שטאָט, און דער קייסער מיט די הויפלייט הערן אים אויס און שטעלן זיך פאַר אים איין.

איז אָבער דער טאָג געווען שטאַרק אַ הייסער און קיינער קומט גאָר גישט פרעגן, גאָר גישט בעטן.

זיצט דער קייסער פאַרקלערט, זיצן די הויפלייט און שווייגן. דערהערט זיך פון דער שטילקייט אַ גערויש פון פליגל נאָענט איבער די קעפּ.

זיי האָבן זיך ניט באַוויזן ארומצוקוקן, ווי ס׳איז פון די פליגלען עפּעס אַראָפּגעכאַלן גלייך צום קייסער אין בוזים אריין... דער קייסער נעמט אַרויס די זאַך באַקוקט, — אַ פּאַנטאָפּעלע איז עס.

די הויפלייט קוקן און וואונדערן זיך — אַ פּאַנטאָפּעלע, אַ שיין־אויסגעניייט, וואונדערלעך־קליין פּאַנטאָפּעלע.

שיקט דער קייסער זיינע קלוגע לייט רופן. זאָלן זיי אים זאָגן, זאָלן זיי אים באַשיידן וואָס קען עס אַזעלכס באַטייטן.

זיינען געקומען די אַלטע לייט, דעם קייסערס כאַכאָמים און אייצע־געבער. באַטראַכט דאָס שיכעלע, באַטראַכט עס גוט און געזאָגט: זאָל דער קייסער לאָזן אויפקלייבן אַלע פּרינצעסינס פון לאַנד און זאָלן זיי דאָס פּאַנטאָפּעלע מעסטן. דאָס פּאַנטאָפּעלע האָט מען דעם קייסער געשיקט, עס זאָל אים זיין כּאָר געפינען.

דעם קייסער און די הויפלייט איז די רייד פון די אַלטע וואויל געפעלן געוואָרן. פון גאָר דער לאַנד האָבן צום קייסערס הויף פּרינצעסינס און רייכע טעכטער זיך געקליבן. יעדע האָט די פיס אירע געגלעט און אין האַרצן געבעטן דאָס פּאַנטאָפּעלע זאָל איר פּאַסן, זי זאָל דעם קייסערס באַשערטע זיין.

גייט אום דאָס פּאַנטאָפּעלע פון האַנט צו האַנט, פון פוס צו פוס און צו קיין איינער פּאַסט זיך דאָס פּאַנטאָפּעלע ניט צו — אַזאַ מין פּאַנטאָפּעלע איז דאָס געווען.

פאַרופט דער קייסער צו זיך זיינע באַגלויבטע דינער, גיט זיי דאָס שיכעלע איבער, פאַרזאָרגט זיי מיט שפּייז אויף אַ צייט — זאָלן זיי איבער דער גאַנצער מעדינע זיך לאָזן און זאָל דאָס שיכעלע אים זיין באַשערטע געפינען.

לאָזן זיך -דעם קייסערס באַגלויבטע איבערן לאַנד אַוועק, קלייבן אין יעדן אָרט די רייכע טעכטער צונויף, זצ בוּן דאָס פאַנטאָפּעלע מעסטן.

האָט זיך אָבער אין קיין איין אָרט קיין איין מיידל ניט געפונען, דאָס שיכעלע זאָל איר צוגיין.

זיי זיינען כאַדאָשים און יאָרן געפאָרן, די מעדינע אויסגעפאָרן — און קערן זיך ליידיק אַהיים.

זיי וועלן דעם קייסער זאָגן:

— ניטאָ אַף דער גאָרער וועלט אַזאַ מיידלשע פוס, איר זאָל דאָס שיכעלע פּאַסן.

דאָס שפּייז האָט זיך שוין באַ זיי אויסגעלאָזט, די קליידער אָפן לייב זיך אָפּגענוצט. נאָר אָט זיינען זיי שוין לעבן שטאָט, מע זעט שוין די שפּיצן פון די טויערן ארויס.

פון וואַנען, פון וואָס — יאָגט אַרויס אַ שטורעם־ווינט אַנקעגן און טרייבט זיי אַף צוריק. זיי בעריען זיך, שלאָגן די אייזלען, אָבער זיי קאָנען דעם שטורעם ניט בייקומען, און מוזן זיך לאָזן אַף צוריק מיטן שטורעם.

דער שטורעם האָט זיי פאַרביי אַ קליין דערפעלע געטריבן, האָבן זיי זיך קאַם לעבעדיקע אין דעם ערשטן שטיבעלע ארייַנגעכאַפּט און אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

דאָרט האָט זיי אַן אַלטינקע באַגעגנט, זיי שיין אויפגענומען. געהייסן דעם טעכטערל זי זאָל זיי וואַסער דערלאַנגען, די פיס וואַשן און עסן געבן. מיד זיינען זיי געוועזן, זיינען זיי שוין באַ דער אַלטער נעכטיקן געבליבן.

די אַלטע איז אַוועק די אייזלען אין שטאַל אַריין פאַרפירן און זיך ארומגעקוקט: גרויסע לייט זיינען צו איר פאַרפאָרן.

האָט זי גיך מיט שרעק געכאַפּט און דאָס טעכטערל באַהאַלטן.

אינדערפרי שטייען די האַרן אויף פון שלאָף און גרייטן זיך אַהיים פאָרן. זיי זעען — די אלטינקע נאָר דרייט זיך אום אין שטוב און מער קיינער. פרעגן זיי זי, וואו איז דאָס טעכטערל אירע די שיינע, וואָס האָט זיי אַזוי פיין באַדינט. ז'ערהערט די אַלטע, זיי פרעגן זיך אָפּן טעכטערל, איז זי גאָר פאַרציטערט געוואָרן און גענומען פאַר זיי וויינען און בעטן: זאָלן זיי אָף איר אָרעמקייט אַכט לייגן, און אַף איר מיט איר טאָכטער קיין בייזס ניט פאַרטראַכטן.

— וואָס איז דען געשען, — פרעגן די האַרן פאַרוואונדערט.

דערציילט די אַלטע, ווי אַזוי איינמאָל איז די טאָכטער פּוּן באָדן געקומען אין איין שיך און איין באָרוויס. זי זאָל געוואָלט זאָגן — ווינטן האָבן אין זאַמד דאָס צווייטע פּאַנטאָפּעלע פאַרשאָטן, וואָלט זי עפּשער געגלויבט, טראַכט זי גאָר צו — אַז אַן אָדלער איז געקומען צופליגן און דאָס פּאַנטאָפּעלע אירס צוגעכאַפּט.

גלויבט זי ניט, די אַלטע, און האָט מוירע — ווער ווייס וועמען זי האָט דאָס פּאַנטאָפּעלע פאַרטרויט. און זי באַהאַלט זי דערפאַר אויס פאַר פרעמדע מענטשן.

די האַרן האָבן אויסגעהערט, זיך מיט פאַרוואונדערונג איבערגעקוקט און געזאָגט:

— אויב ס'קאָן דער אָדלער זיין אַ שאָליאַך און צום קייסער אין בוזים דאָס פּאַנטאָפּעלע פאַרטראָגן, קאָן דער שטורעם זיין אַ שאָליאַך און זיי אַהער אין שטיבעלע פאַרפירן.

זיי האָבן דאָס פּאַנטאָפּעלע אַרויסגעדעוולאָנגט און דער אַלטינקער די גאַנצע מאַסע דערציילט.

— ברענג, — זאָגן זיי, — אַלטע, דיין טעכטערל — זאָל זי דאָס שיכעלע מעסטן.

די אַלטע איז מיט פרייד געלאָפן, דאָס טעכטערל פון באַהעלטעניש געבראַכט און איר אַליך דערציילט. די האַרן האָבן דאָס פּאַנטאָפּעלע דערלאַנגט. שטייט זי אָבער, דאָס טעכטעו ל, און מעסט ניט.

— זי וויל, זאָגט זי, איר גליק אָפּן שיכעלע ניט מעסטן...

האָט די אַלטע גענומען, אַליין דאָס פּאַנטאָפּעלע דער טאָכטער אָנגעטאָן. און סאַמע גוט איז אַף איר דאָס פּאַנ־טאָפּעלע, ווי אָנגעמאָסטן. האָבן זיך די האַרן דערפרייט.

שיין איז זי — אין איר פּאָנעם זיך נישט איינצוקוקן. און קלוג — יעדן וואָרט אירס לערגען.

האָבן זיי זיך פּאַר איר מיט קאָווער פאַרנייגט און זי מיט איר מאַמע דער אַלטער צום קייסער גענומען.

אַז זי אים צום קייסער אַריינגעקומען, האָט זיך דעם קייסערס פּאַלאַץ פון איר שיינקייט צעבליצט, דעם קייסער האָט זיך דאָס האַרץ געפרייט. דאָס פאָלק האָט מיט פרייד די כופּע געגרייט, און נאָר די רייכע האָבן אין דער שטיל מיט די נעזער געדרייט.

# אין זאַמד

ניט ווײַט פון איינעם אַ לאַנד האָט אַ צונג וואַסער זיך געצויגן און איז אין ווייטן יאַם געלאָפן, באַ דעם זעלבן יאַם האָט זיך אַמאָל אַ זעמדעלע פאַרזייט, פאַרזייט און אויסגעוואַקסן. יאָרן לאַנגע האָבן זיך געצײַלט אין טויזנטער, און די זאמד האָט זיך פאַר דער צײַט צעוואקסן אף מײַלן, זיך אויך צעוואַקסן אין אַ יאַם, אין אַ זאַמד־יאַם.

איינמאָל אין אַ שטילער שאָ, ווען ס׳געוואָרן אומעטיק בײַדע יאַמען ליגן איינס לעבן צווייטן, האָבן זיי צווישן זיך גענומען פאַרברענגען און זיך גענומען ברוטשקען צווישן זיך. קען אָבער דאָס וואַסער די זאַמד ניט פאַרגיסן, און ס׳קען די זאַמד דאָס וואַסער ניט פאַרשיטן, און דער ווינט דרייט זיך, רוט ניט איין און רייצט איינם אַפן צווייטן. אָט העלפט ער דעם, אָט העלפט ער יענעם און ס׳קומט גאָר ניט אַרויס, טוען בײַדע יאַמען צווישן זיך אַ שמועס:

— טאָ וואָס פאָרט קענען מיר טאָן, ווען ס׳ווערט אונז אומעטיק. איז באַ זיי געבליבן אַזוי:

באַרימער וועלן אַמאָל אַהער פאַרבלאָנדזען, וועט ניט שאַטן מיט זיי זיך פאַמעלעכן אַ שפּיל טאָן.

שטייט אַ דאָרף אַרום דעם אויסגוס, שטייט שוין יאָרן לאַנג. די ווײַבער פלעכטן דאָרט נעצן, די יונגעלײַטלעך פראַווען געניווועס. און די עלטערע? די אַלטע כאַפּן פיש, רויכערן ליולקעס און איבער די אַפּדערנאַכטן דער־

ציילן זיי זיך איינער דעם אַנדערן ווי זיי זיינען אַמאָל יונג געווען.

נו, איז גוט.

וואַקסן דאָרט אונטער אין איין יאָר 14 באכורים, אַלע איינס און איינס. איינער קאָן פּופּצן פּוד טראָגן, דער צווייטער קען אַנ׳אָקס דערשלאָגן, אַ דריטער, אַ פינפטער, אַ צענטער קענען די ערגסטע הינט די מיילער פאַרשטאָפּן, די שטאַרקסטע שלעסער נעמען און אויב ס׳שטייען פערד אונטער די שלעסער איז אַבי גוטע — טאָ גיב זיי אַהער!

און נאָך קונצן קענען זיי מאַכן די כעוורע. האָבן זיי טאַקע פאַר קיינעם קיין מוירע ניט. בעשאַס די אַלטע דערציילן מאַיסעס, שמייכלען די איגגע אונטער די וואָנסעס, פינטלען אונטער מיט די אויגן און כאַפּן אַ געגעץ:

— מיילע (עפּעס בעסערס האָבן זיי דאָך ניט די אַלטע לייט, כוץ דערציילן וואָס אַמאָל איז געשען).

קומט איינמאָל אונטער אַ יאַריד אַפן קאַנט, בעמען כעוורע און רעדן אָפּ צווישן זיך:

— דאָרט און דאָרט איז דאָ אַ פּאָריץ, האָט ער אָף זיין אייגנס אַ שיינע טאָכטער, טאָ זאָל ער זיך עפּשער האַלטן מיט איר; האָט ער געלערנטע הינט, קען מען זיך אַנ׳אייצע געבן.

האָט ער פערד אונטער די שלעסער, קענען זיי צו־נויץ קומען.

גערעדט און געטאָן.

און גאַנץ פרי רייטן שוין פערצן יאַטן אָף פערצן פערד אין שטאָט אַריין אַפן יאַריד. האַנדלען וועלן זיי מיט ווייץ און מיט קאָרן. ווייץ און קאָרן איז אָבער דאָרט ניט צו

קריגן, האָבן כעוורע אין שײנק זיך פאַרטרונקען, ביז שפּעט־לעך זיך פאַרזעסן, יאָ א לידל ניט קיין לידל, מאַטאָנעס אַהיים די מײדלעך ט'מען אײנגעקויפט. די פערד שוין לאַנג אַף גאָלד אויסגעביטן, דאָס גאָלד אין די טאַשן, די מאַטאָנעס אין די בוזעמס און זיך אַוועקגעלאָזן די יאַטן אַף אַ גאַנצער נאַכט מיט אַ ניגן און מיט אַ פרײלעכן געמיט איבער די זאַמדן אין אַ צווײטן דאָרף אַף אַ צווײטן יאַריד. עפּשער וועט דאָרט אויך ניט זײן אומעטיק.

אין מיטן וועג צערעדן זײ זיך די יאַטן. אײנער זאָגט:

— לײג מיר אָן אַ זאַק מיט זאַמד אַף די פּלײצעס און אַפן זאַק נאָך אַ זאַק, פאַרטראָג איך אים אין צווײטן דאָרף אַרײן.

זאָגט אַן אַנדערער:

— וואָלט מיר דאָ שטײן אַ בוים אַנטקעגן, רײס איך אים אויס מיטן וואָרצל און טראָג אים אין דער רעכטער האַנט פאַר אַ שירעם: באַטאָג זאָל די זון ניט באַקן.

זאָגט דער דריטער:

— גיט מיר אַ פערד אַ דרײ יאָריקן, נעם איך אים אָן פאַר די אונטערשטע פיס און וואַרף אים אַריבער איבער זיך.

— וועמען הערן מיר, כעוורע?

— קײנעם ניט!

מיר זענען בעריעס אי אין פײער, אי אין וואַסער. הוראַ! הוראַ!

האָבן די כעוורע ארויסגענומען נאָך אַ פאָר פלעשלעך פון די טאַשן, האָבן איבעראַנײס געמאַכט אַ לעכאַאים, זיך אויסגעפּוצט און סטײנגעס, אַרום איז קײנער ניטאָ, נאָר נאַכט

און הימל, זאַמד און וואַסער. די זאַמד איז שוין געשלאָפֿן, די וואַסער אויך, און יענע כעוורע גייען און ליאַרעמען, זיי טומלען און היטן זיך ניט, אַזוי ווי בײַ זיך אין דער היים. האָט עס טאַקע דער זאַמד פֿאַרדראָסן:

— וואָס פֿאַר אַ דערעך־ערעץ איז עס?!

דערווײַל האָט זיך אַ ווינטל אַראָפּגעוויזן:

— וואָס פֿאַר אַ געסט זײַנען דאָס אַזעלכע צעהוליעטע.

האָט זיך די נאַכט אַ הוידע געטאָן, דער ווינט אַ טראָג אונטער געגעבן.

דאָס וואַסער וויגט זיך, די זאַמד זינגט זיך.

— אַהאַ זאָגט איין באָכער,— אַ זאַווערוכע!

זאָגט דער צווייטער:

— איך הער זיי אין־פּיאַטע.

זאָגט דער דריטער:

— אַ שאָ גאַנג זײַנען מיר אָפּן וועג.

— מע לאַכט,— מאַכט די זאַמד.— מע לאַכט.

די זאַמד זינגט, דער ווינט שפּילט און דאָס וואַסער וויגט זיך. די זאַמד הייבט זיך גאַנצע לײַלעכערווײַס און די יינגען ווערן דערווײַל בייז:

— פֿולע אויגן!— מאַכט איין יאַט.

— פֿולע אויערן!— מאַכט דער אַנדערער יאַט.

— טפֿו! אַ פֿולן מויל אָנגעשאָטן,— שעלט זיך דער דריטער.

— לאָמיר זיך לייגן?

— ווי זיך לייגן?

— געגאַנגען זאָל ווערן!

און די כעוורע הוקען און שעלטן זיך, די זאַמד הודעס און קרומט זיך נאָך, און דער ווינט רייסט גאַנצע בערג־לעך און טראָגט זיי צו די פּיס.

— אָ, אין דער ערד! — מאַכט איין יאַט — און פאַרטשע־פּעט זיך, פּאַלט אים.

— צו אַלדע רוכעס, — מאַכט דער צווייטער, — און קען די פּיס פון באַרג ניט אַרויסשלעפּן.

— הו־הו! — רופן די באַכערים, מ'זאָל זיך ניט פאַר־לירן.

— הוז־הוז! — ענטפערט דאָס זאַמדל, — ס'וועט אייך ניט העלפן.

— וואו זעט מען אַ וועג?

— ניטאָ קיין וועג.

— וואו לייט מען אף אַ ווײַלע אַנדערע אויגן?

— די אויגן זײַנען פאַרשאָטן.

— גגאַווו! — רעווען די יאַטן און זײַנען אין קאַס.

האָט אײנער אַרויסגעכאַפּט דאָס גאָלד, געגעבן אַ שמיץ אין דער ערד! האָט אַרויסגענומען דער צווייטער די מאַ־טאָנעס און אַ שמיץ אין דער ערד! און די זאַמד נעמט צו, דעקט איין און באַהאַלט:

— גיט נאָך עפּשער האָט איר, כעוורע, זז־זז־זז־זז...

— וואָס זשע טוט מען?

— גאָר ניט טוט מען.

— קיין וועג איז ניטאָ.

— די זאַמד האָט פאַרטראָגן.

— קיין קאָל הערט מען ניט.

— דער ווינט פאַרטויבט.

ווייסן ניט די יאַטן וואָס צו טאָן, וואוהין צו לויפן, לויפן זיי מיט צעוואַלגערטע קעפּ איינער אַפן צווייטן, פאַלן זיי איינער איבערן אַנדערן.

— אַזוי! — מאַכט די זאַמד — און געכאַפּט מיט איין באַרג זיי צוגעדעקט, מיט דער אַנדערע זיי צוגעטראָטן. קיינער האָט ניט געזען קיין אינגלעך, קיינער האָט ניט געהערט אזוינע...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אינדערפרי האָבן שוין מענטשן אַ נייעם יועג גערדאַרפט לייגן אַפן זאַמדיקן יאַם, אינדערפרי האָבן שוין מענטשן געוואוסט, אַז עמיצער האָט באַנאַכט געמוזט האָבן זיין פּסאַק.

אין עטלעכע טעג אַרום, דאָס דאָרף וואָרט אַף די כעוורע, ניטאָ ניט קיין סימען, ניט קיין רייעד.

לאָזט מען זיך זוכן.

נאָך אַזאַ נאַכט, געוויס איז דאָ עפּעס ניט גלאַט.

און דאָס דאָרף האָט זיך געלאָזן איבערן יאַם.

— דאָ געוועזן כעוורע?

די זאַמד שווייגט.

— פערצן כעוורע אַף די פעריד זיינען אַפן יאַריד געפאָרן... צוריק האָבן זיי געמוזט פירן גאָלד אין די טאַשן, ווייַן אין די פלאַשן און אין די בוזעמס מאַטאַנעס פאַר די קאַלע־מוידן... וואו איז עס אַלץ אַהינגעקומען? כאָטש אַ סימען פון דעם?!

די זאַמד שווייגט.

יאָרן זיינען געגאַנגען. דער וואַסער־יאַם האָט זיך געקושט מיטן זאַמד־יאַם און דעם סאַד געהאַלטן שטייף. דאָס

דאָרף האָט שוין אין די אײַנגעװ פֿאַרגעסן, נאָר אַ מאַיסע איז פֿון זײ געבליבן.

האָבן דאָך אָבער הימל און ערד צװישן זיך געשװאָרן, אַז קײן פֿאַרבאָרגענע זאַכן זאָלן צװישן זײ ניט זײַן. פֿאַר־בלאָנדזשען װילד פֿרעמדע מענטשן מיט אַ שיף צום ברעג, לאָזן זיך אַפּן זאַמד שפּאַצירן. אין מיטן צװישן הימל און זאַמד דערזעען זײ פֿון דער װײַטן אַ שטעקן שטעקט. אָפּגעשאַרט דעם זאַמד, ערשט דעם שטעקן האַלט אַ האַנט, לעם דער האַנט. איז געװען נאָך אַ האַנט און אַ גאַנצער קנויל פֿון הענט און פֿון פּיס.

און אַזױ האָט מען דאָרט פּערצן קעפּ איבערגעציילט, פּערצן שאַרבנס פֿאַרשיטע און אין זאַמד פֿאַרגראָבענע.

באַלד האָט מען געגעבן דעם דאָרף צו װיסן,
עפּשער װעט עמעצער קומען אַ טרער פֿאַרגיסן,
עפּשער װעט עמעצער קומען אײַנצעגען און זאָגן,
װי מ'זאָל די כּעװורע באַקלאָגן.

און ... צי דער טרױער איז געװען אַזױ זיך, צי דער טרױער איז געװען גרױס װי ס'ניט איז, נאָר די מאַיסע איז שױן דאָ אױס.

# איוואַן דער טשומאַק

איז אַרויסגעפאָרן איינמאָל איוואַן דער טשומאַק מיט זיינע צוויי שיינע אָקסן אין שטאָט אַריין האַנדלען. אַלץ פאַרקויפט אין גוט אָפּגעלייזט, שטעלט צו איוואַן די אָקסן צום וואָגן, זאָלן זיי עסן, און אליין האָט ער גענומען דאָס בייטש־שטעקל אונטערן אָרעם און איז אַוועק אין שיינק אַריין מאַכן אַ לעכאַאים.

געמאַכט אַ לעכאַאים און געוואָרן זייער פריילעך. רופט זיך אָן איוואַן דער טשומאַק צו זיינע כאַווייִרים די טשו־מאַקעס:

— עי, ברודערלעך, טשומאַקעס! זאָגט וואָס קען זיין אַף דער וועלט שענער פון אונזערע אָקסן, און וואָס קאָן נאָך זיין בעסער?

— שענער,— רופט זיך אויס דער נאַר פון שיינק,— שע־נער איז מיין ווייב! זי פּוצט זיך אויס אום זונטיק, דאַרפן זיך אַלע אייערע אָקסן פאַר איר שעמען... און בעסער? בעסער איז די מאַשין.

די מאַשין קען דיר דאָס פעלד אַקערן, די טוואָרע שניידן, מיט דער מאַשין קענט איר פאָרן וואו איר ווילט און פירן וואָס איר ווילט... אי גיכער, אי בעסער!

האָט זיך אָנגעברוגעזט איוואַן דער טשומאַק אַף דעם נאַר און אַף זיינע רייד און ער רופט זיך אָן:

— איז וואו קריגט מען זיי עס אָט דידאָזיקע מאַשינעס דיינע?

— דו ווייסט ניט וואו? — זאָגט דער נאַר, — בײַ די דײַטשן!

אַוועק איוואַן אין דאָרף, צונויפגערופן אַלע טשומאַקעס: אַזוי און אַזוי, ברודערלעך, די דײַטשן אַרבעטן מיט מאַשינעס, זײַנען זיי באַרײַכט געוואָרן, לאָמיר מאַכן אַכדעס און אײַנפירן מאַשינעס אין דאָרף.

מאַשינעס איז מאַשינעס!

האָט מען אַנידערגעשטעלט אין מיטן דאָרף אַ טיש מיט אַ שרײַבער, זאָל מען טראָגן געלט. ווער ס'האָט געלט, ט'געבראַכט געלט, און ווער ניט, ט'געבראַכט קאָרן, ט'געבראַכט לײַוונט, אַזוי האָט מען אויפגעטראָגן צוויי זעק מיט געלט, און אויסגעקליבן איוואַנען זאָל ער פאָרן צו די דײַטשן נאָך מאַשינעס.

האָט אויפגעקויפט איוואַן בײַ די דײַטשן אַלערליי מאַשינעס, אײַנגעשפּאַנט אין זיי 20 פּאָר פערד און 20 פּאָר אָקסן, שלעפּט און שלעפּט די מאַשינעס צו זיך אַהיים אַף דער אוקראַינע און קען זיי ניט פערשלעפּן. פון וואַנען פון וואָס טראָגט אָן דעם נאַר אַנקעגן. דערזען איוואַנען בײַ אַזאַ מאַראַכע, רופט ער זיך אָן:

— ס'אַ גוילעם דו ביזט, איוואַן, דו שלעפּסט גאַנצע אויפגעשטעלטע מאַשינעס, דו וועסט זיי מיט הונדערט פּאָר פערד אויך ניט פאַרשלעפּן. נישט קליין איז דער דײַטש אײַך זיי פאַנאַנדערשרויפן, צונויפלייגן טיילנווייס און זיי אָפּשיקן גלײַך אַהיים; דאָרט וועט שוין זיי יעדער נאַר קענען צונויפשטעלן.

— גוט באַקלערט — זאָגט איוואַן — און קערט זיך אום צום דײַטש:

— אַזוי און אַזוי, בּרודערל, איך וועל אַזוינע מאַשינעס מיט הונדערט פּאָר פערד אויך ניט פאַרשלעפּן. שרויפּט זיי מיר פּאַנאַדער, לייגט זיי צונויף און שיקט זיי אונז אָפּ גלייך אַהיים, דאָרט וועט זיי אונז יעדער נאַר צונויפ־שטעלן.

גערעדט און געטאָן. אין אַ וואָך אַרום באַקומט איוואַן אַלע מאַשינעס צו זיך אין דאָרף, איז אַרויס איוואַן מיט אַלע טשומאַקעס אין מיטן דאָרף און זיך גענומען צו די מאַשינעס, זיי שרויפן און שרויפן און קענען ניט צונויפ־שטעלן די מאַשינעס. אַ בּוקסע ט׳זיך צעבּראָכן, אַ שרייפל ט׳זיך פאַרלאָרן, קראַצט זיך איוואַן אין דער פּאָטיליצע, שעמט זיך פאַר די טשומאַקעס און קלערט, — וואָס טוט מען? גייט ווייטער אָן דער נאַר פון שיינק, רופט ער זיך אָן:

— ס׳אַ שויטע דו בּיסט, איוואַן. דו ווייסט ניט וואָס מע טוט, גאָרניט טוט מען ניט. זאָל דער דאָרף זיך אויס־שרייבּן אַ פּאָר קלוגע דייטשן, זיי וועלן אייך שרייפּלעך מאַכן, זיי וועלן אייך די מאַשינעס פאַריכטן, אַלסדינג קען זיך דאָך טרעפן מיט אַ מאַשין.

— גערעכט, — זאָגט איוואַן — בּרויט איז פאַראַן בּאַ אונז גענוג, קאַרטאָפל אויך, קיין שמאַלץ דאַרפן מיר אויך ניט גיין קויפן, מיר שרייבּן אַרויס צו די מאַשינעס אַ פּאָר דייטשן, אַלצדינג קען זיך דאָך טרעפן מיט אַ מאַשין.

— גערעכט, — זאָגן די טשומאַקעס, — אַז דייטשן. אַלצ־דינג קען זיך דאָך טרעפן מיט אַ מאַשין.

קומען צופאָרן די דייטשן.

נעמט איוואַן צו זיי ריידן אף איוואַניש לאָשן, נעמען די דייטשן צו אים ריידן אף דייטשיש לאָשן, איינער ווייסט

ניט פון דעם צווייטן, קאָסט מען זיך און נאָך אַ רעגע וועט מען זיך נאָך בעמען שלאָגן אויך...

גייט דער נאַר פון שיינק.

— אַז איר זענט גוילעמער,— זאָגט ער צו איוואַנען.

— גערעכט, אַז גוילעמער,— זאָגן די טשומאַקעס,— וואָס זאָלן מיר טאָן, טייערער, מיט די דייטשן?

— וואָס זאָלט איר טאָן? קראַנקע זין באַ אייך וואַקסן? און די דייטשן מיינט איר זיינען פון הימל אַראָפּגעפאַלן? זיי האָבן זיך געלערנט מאַכן מאַשינעס, קאָנען זיי. שיקט אָפּ אייערע זין אַהינצו. זאָלן זיי זיך אויסלערנען מאַכן אַליין מאַשינעס, וועט איר פּאַטער ווערן פון אַלע שלעק.

— גערעכט,— זאָגט איוואַן.

— גערעכט,— זאָגן די טשומאַקעס.

אין דריי יאָר אַרום זיינען געקומען די זין אַזעלכע אויסגעלערנטע און אַליין אויסגעבויט דעם דאָרף די בעסטע און שענסטע מאַשינעס.

אַקערט מען די פעלדער, שניידט מען די טוואועס, מע פאָרט וואו מע וויל און מע פירט וואָס מע וויל. הונדערט ווערסט פאָרט מען איין פאַר אַ שאָ און פאַר דער אַנדערער שאָ נאָך הונדערט.

אַ גאַנצן ווינטער איז איוואַן געשלאָפן אָפן אויוון. געקומען פרילינג, די זון איז אַרויס, די ביימער האָבן זיך גענומען פוקען, איז איוואַן אַרויס אָפן דאָרף און זעט: פאַראַן באַ די טשומאַקעס אַלדאָס־גוטס: די קיען האָבן זיך צעקעלבט — איז דאָ פּוטער, די גריבער האָט מען אָפּ־

געגראָבן — איז דאָ קאַרטאָפל און בוראַקעס. די קינדער באַ די טשומאַקעס און די אייניקלעך זייַנען שוין אַזוי זאַט, אַז קעז גיט מען די כאַזיירים, און פוטער וואַרפט מען פאַר הינער.

— ע — קלערט זיך איוואַן, — אין שטאָט פרעגט מען זיך אָף אַזעלכע זאַכן.

— דערלאַנגט אַהער אַ מאַשין!

ט'מען דערלאַנגט איוואַנען ניט איין מאַשין, נאָר דריי, די טשומאַקעס האָבן אָנגעטראָגן פון אַלדאָס־גוטס. מאַטאָנעס די קינדער אין שטאָט אַריין, פון ווייץ און פון קאָרן, פון בוראַקעס און קאַרטאָפל, פון קעז און פוטער, און די וויַיבער האָבן זיך ניט געפוילט און נאָך געגומען טראָגן פון געקאָכטס און געבאַקטס.

צוגעזעצט צו איוואַנען נאָך צוויי טשומאַקעס, זיי מיטגעגעבן אַ פּאַפּיר און פאָרט געזונט.

פאָרט איוואַן אָף אַנ׳אָנגעלאָדענעם אווטאָמאַביל אַפריער און יענע צוויי פאָרן נאָך.

יאָגן אָן די אווטאָמאַבילן אַ טשומאַק פון אַ צווייטן דאָרף, וואָס פירט היי אָף אָקסן אין שטאָט אַריין פאַרקויפן.

— עי, פעטערל, — שרייט איוואַן אַראָפּ פון וועג! — אַ מאַשין פאָרט!

דערשרעקט זיך דער טשומאַק און קערוועט אָפּ פון וועג.

פאָרט אַ אינגל מיט אָקסן און פירט האָלץ אין שטאָט אַריין פאַרקויפן.

— עי, קאָזאַקל — שרייט איוואַן — קערעווע אָפּ פון וועג — אַ מאַשין פאָרט!

כאַפּט יענער פּיס און קערעווועט אָפּ פון וועג.

די בוימער פוקען זיך, די פעלדער אַקערן זיך, די טשו־מאַקעס פייפן מיט די אַוטאָטאַבילן, זינגט איוואַן אַ ליד און פאָרט ווייטער.

רוקט זיך אַקוראַט דער נאַר פון שיינק איבערן שליאַך און כאַלעשט נאָך אַביסל בראָנפן. דערזעען אַ מאַשין פאָרט, קאַטשעט ער זיך אַראָפּ פון וועג, שטעלט צו די האַנט צום שטערן און נעמט זיך איינקוקן.

— אַהאַ! איוואַן פאָרט, איוואַן-און נאָך טשומאַקעס!

— ווער האָט אייך אויסגעאַרבעט די מאַשינעס?

— אונזערע זין!

— און די פעלדער אַקערט איר?

— די פעלדער אַקערן מיר.

— און די טוואָרע שניידט איר?

— די טוואָרע שניידן מיר.

— אַלץ מיט דער מאַשין?

— אַלץ מיט דער מאַשין.

— אַהאַ!—זאָגט דער נאַר פון שיינק—אַלץ איך... איצט פירט מיך אונטער אַביסל.

— ע!—זאָגט איוואַן דער טשומאַק.—לעמאַי זאָלסטו זיך מאַטריאַך זיין, אין שיינק וועסטו שפעטער אויך ניט פאַרשפעטיקן און מיר פירן קעז און פוטער אין שטאָט אַריין, און נאָך מאַטאָנעס פירן מיר, דאַרף מען גיכער אָנ־קומען מיטן טאָג.

און אוועקגעפייפט איוואַן מיט דער מאַשין, און די טשו־מאַקעס נאָך אים, האָט שוין דער נאַר זיי אי זעען נישט גע־זען, אי הערן נישט געהערט, נאָר אַ רויך איז אויעק.

איינמאָל אין אַ יאָנטעוו־טאָג זיינען אַרויס די אינגען אין שטאָט אַריין אַף זייערע וועליסאָפּעדן און מאָטאָציקליעטן און גענומען ארומפאָרן און זיך באַרימען. איינער זאָגט, מיין מאַשין איז די בעסטע, דער צווייטער זאָגט, אַז זיין מאַשין איז די בעסטע, און אַזוי די איבעריקע. דערווייל אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און ס׳האָלט שוין באַלד באַ פּעטש, אַוועקגעלאָפן דער נאַר צו איוואַנען אין דאָרף אַריין:

— אַהאַ! — זאָגט ער, — ניט אַלץ גייט באַ אייך ווי עס דאַרף צו זיין. וועל איך דיר אָבער ניט זאָגן, וואָס עס פעלט.

— פאַרוואָס וועסטו נישט זאָגן?

— דערפאַר, אַז דער מאַשין זיך דורכפאָרן האָסטו מיך כאָטש ניט גענומען, און פון אייער גוטס איז מיר גאָרניט ארויסגעקומען.

— דו וועסט ניט פאָרן אויך, — זאָגט איוואַן.

— פאַרוואָס?

— דערפאַר, וואָס דו ביסט פויל און טוסט גאָרניט... און וואָס ס׳פעלט דעם דאָרף, וועלן מיר זען אַבי ווי אַזוי אַליין צוטראַכטן.

אַף די רייד האָבן זיך אריינגעשאָטן אַ בינטל אַלטע טשומאַקעס אין שטוב אַריין און דערציילן איוואַנען, גיכער זאָל ער גיין זיך אַריינמישן, ס׳האַלט שוין דאָרט באַ פּעטש

— גייט זאָגט זיי, — זאָגט איוואַן, — זאָלן זיי די קריג דערווייל אָפּלייגן, עפּעס איז דאָ ניט מיט אַלעמען, גיט מיר צייט אַף באַקלערן.

אַרויף איוואַן אַפן דאַך, זיך אַוועקגעלייגט מיטן בויך אַנקעגן דער זון און זיך אריינגעלאָזן אין קלערן: וואָס פעלט דאָ און וואָס פעלט דאָ?!

אין דאָרף זיינען אַלע אַף די שפּיץ פינגער אַרומגעגאַנ־גען און איוואַנען גרויס קאָוועד אָפּגעגעבן: עפּעס אַ קליי־ניקייט, זיין אַזוי געטריי דעם גאַנצן פאָלק?!

איינער נאָר דער גאַלעך איז אַרומגעגאַנגען, געקלאַפּט זיך מיט די פינגער אין גראָבן בויך אַריין און געשפּייט זיך.

— אַי, איוואַן, — טאַינעט ער, — וואָס קלערסטו זיך! די גלויבסט שוין אַפילו ניט אין גאָט! יאָרן־ווייס, אַז מ'קוקט דיך אין קלויסטער ניט אָן, ניט די הייליקע אַ ליכטל ברענגסטו און גאָטס הייליקע באַדינער האָסטו נאָך אַפילו אַפן האַנט ניט אָנגעשפּייט, ניט זינדיקן כ'זאָל מיט די רייד, טפו!

— גיי שוין גיי, גראָבער בויך, — טרייבן אים אָפּ די טשומאַקעס, — די זעסט ניט, אַז דער מענטש איז פאַרנומען?!

און איוואַן האָט קיין צייט ניט ענטפערן, אין האַרצן ווייס ער אָבער, אַז די אַלע גאַלאָכים זיינען פיר־ליגן, נאָר זיך אין בויך אַריין ווייסן זיי... גיבן אָפּ די הערשער קאָ־ווער און דעם פאָלק זיינען זיי גישט געטריי... נישקאָשע, — קלערט ער, — מ'וועט זיך דיר אַבי ווען אָפּשערן די צעפּ, און די וועסט מויכל זיין זיך שטעלן צו דער אַרבעט גלייך מיט אַלעמען, ניטאָ הייבט קיין נאַראָנים! האָט ער אָבער קיין צייט ניט ענטפערן, ער דאַרף באַקלערן וואָס דאָ פעלט? מ'דאַרף, אַז לייטן זאָלן פון זייער האָרעוואַניע קענען לעבן און וויסן פון אַ לעבן.

געלעגן איוואַן אַפן דאַך אַ שאָ איינע, אַ שאָ צוויי... אַזוי דעם צווייטן טאָג ארויף אַפן דאַך, אַזוי דעם דריטן — אַ גאַנצע צייט געקלערט, ביז ער האָט באַקלערט... אויפ־גערופן די טשומאַקעס און רופט זיך אָן אַ דערפרייטער:

— אי, ברודערלעך,— רופט ער זיך אָן,— איך האָב, דאַכט זיך, געכאַפּט דעם ריכטיקן געדאַנק.
— טאָ זאָג — בעטן אים אַלע.
— שוין זאָג איך! — שײַנט בײַ איוואַנען דער פּאָנים און ער טאַפּט זיך פאַר פרייד אין פּאָטיליצע — אָט הערט:
— אַלע זײַנען מיר דאָ אַרבעטערלײַט!
— אַלע.
— די ערד איז אַלעמענס?
— אַלעמענס!
— טאָ פרעג איך בײַ אונז אַלעמען: צו וואָס דאַרפן מיר האָבן יעדערער באַזונדער זײַן קאַמער, זײַן טײַסטער, זײַן מאַשין און זײַן זאַק?
איין קאַמער דאַרף זײַן, און איין קעשענע פאַר אַלעמען. די שוסטער וועלן שוסטערן, די שניידער וועלן שניידערן, די קוזניעס וועלן שמידן און די מיל וועט מאָלן!
איין קאַמער פאַר איטלעכן און איין קעשענע! יעדערער וועט קומען מיטן זאַק און נעמען וויפל ער דאַרף.
— גערעכט.— זאָגן די טשומאַקעס.— וואָס גערעכט איז גערעכט, אָבער וואָס וועלן מיר טון מיט די פּוילע?
— אַוועק פון דאַנען! — שפּײַט זיך דער גאַלעך, דו לערנסט פאַלש. זינט גאָט האָט באַשאַפן די וועלט, און ביז ער וועט זי האַלטן, וועלן מוזן זײַן רײַכע און אָרעמע, הערשער און קנעכט. אַלע זײַנען גאָטס קינדער! סאַידן מאָשיעך וועט קומען. אַוועק! אַוועק! טפו!
— די פּוילע — ענטפערט איוואַן — וועלן זיך שעמען עסן אומזיסט, וועלן זיי אויך אַרבעטן זייער ביילעך. און דו, פּוילער פּעמפּיק,— זאָגט ער צום גאַלעך,— גענוג דיר נאַרן

דאָס פאָלק, וועסט מוזן ארומשערן די צעפּ און זיך נעמען גלייך מיט אַלעמען צו דער אַרבעט.

דערהערט דער נאַר אַזעלכע דיבורים, איז ער גיך אַוועק־געלאָפן, האָט אויפגעטריבן אַלע זיינע כּאַווירים, זאָלן זיי גיכער פאַרנעמען אָן אָרט בּאַ דער אַרבעט, אַז ניט וועט זיי ניט סטאַיען קיין אָרט בּאַם טיש.

ס'האָט קיין סאַך ניט געווערט און דער שענקער האָט, נעבעך, געמוזט פאַרמאַכן דעם שיינק, דער גאַלעך איז אומגעלאָפן הין און צוריק, זיך געשפּייט, זיך געשלאָגן, גע־קוועטשט די אויגן, ביז ער האָט געמוזט טאַקע אָפּשערן די צעפּ. און ניט לאַנג האָט געווערט, איז בּאַ די טשומאַקעס אַוועק אַזוי:

אַלע לייטן אַרבעטן פאַר איינס און אַלע האָבן אַף אַלץ צו שאַפן.

אַוועק אַזוי אַ יאָר, אַוועק צוויי. די שוסטערס שוסטערן, די שניידערס שניידערן, די מילן מאָלן, די קוזניעס שמידן, די קינדער לערנען אין די שולן און אַף די פעלדער גע־ראָט ווי מע דאַרף ניט מערער — איין מאַשין אַרבעט פאַר הונדערט אָקסן.

פאָרט איינמאָל איוואַן פאַרנאַכט פון פעלד, לויפט דער נאַר מיט פאַרקאַשערטע אַרבל אַנקעגן און רופט:

— דייטשן פרעגן זיך אַף דיר, איוואַן, דייטשן!

— גוט — זאָגט איוואַן.

ערשט ס'טאַקע ריכטיק געקומען דייטשן צו איוואַנען, פאַרהאָרעוועטע לייט און פרעגן זיך:

— אַזוי און אַזוי, איוואַן! מיר זיינען געקומען זען ווי איר פירט זיך דאָ, מיר ווילן בּאַ אונז אויך אַזוי מאַכן.

— גאָר פראָסט, זאָגט איוואַן, די ערד איז אַלעמענס, אַרבעטן אדבעטן אַלע, מיר האָבן איינגעפירט איין קאָמער און איין קעשענע, ווער ס׳דאַרף, קומט מיטן זאַק און נעמט.

— און איבעריקס כאַפּט מען ניט? — פרעגן די דייטשן.

— ניין, — זאָגט איוואַן, — ס׳דאַ גענוג פון איטלעכנס וועגן, ס׳בלייבט נאָך איבער.

זאָגן די דייטשן:

— ניט נאָר מיר אַליין קומען צו איך זיך לערנען, אָנאָ גייען שפּליכים פון אַנדערע לענדער אויך.

ט׳גענומען איוואַן, אויפגערופן דעם דאָרף, און געמאַכט אַ גרויסע סודע פאַר די געסט.

בעטן די געסט באַ ז׳ער סודע זיצנדיק:

— נעם, איוואַן, פאַרשרייב אונז וואָרט און וואָרט פון אייער פירונג, מיר זאָלן אַזוינס אהיים פאַרפירן. דערויף האָט זיי איוואַן אַזוי געענטפערט:

— איך וואָלט דאַווקע דאַרפן קענען שרייבן, נאָר מע האָט מיך ניט געלערנט דערויף, אַז איר ווילט, טאָ שרייבט אַליין, און איך וועל איך פירזאָגן.

ט׳פאַרשריבן יעדערער באַ זיך מיט זיין קסאַוו און אַף זיין לאָשן:

— אַלץ איז פאַר איטלעכן.

— אַרבעטן מוז יעדערער.

— איין קאַמער און איין קעשענע.

— איין ראַט און איין דייע.

— אַלע פעלקער. — איין פאַלק...

— מיר האָבן אַזעלכע געדענקער פריער אויך גע־
וואוסט,—זאָגן די פעלקער,—נאָר מיר ווען אייך דערמאָנען,
ווייל איר האָט עס די ערשטע אָנגעהויבן.

— וואָרום נישט אַזוי גרינג איז עס אָנגעקומען — זאָגט
איוואַן.

# די איליקעס און די שמיליקעס

אַמאָל האָבן געלעבט אין אַ שטאָט אין אַן אַלטער צוויי ברידער. איינער האָט געהייסן איליע און דער צווייטער שמיליע. איליע האָט געהאַט זין מיט טעכטער און שמיליע האָט געהאַט זין מיט טעכטער. טרעפט זיך אַ מאַיסע, אַז די ברידער באַקומען אַ גרויסע ירושה פֿון געלט - זאַכן און אַנדערע מינים גוטסקייטן, האָבן די ברידער צעטיילט צווישן זיך די ירושה אויף גלייכע כאַלאָקים. קלערט צו זיך איליע:

— וואָס וועל איך טון מיט אַזוי פֿיל געלט?

און שמיליע קלערט:

— געלט איז טאַקע געלט, אָבער איך וואָלט וועלן ס'זאָל מיר צוקומען מער און מער.

גייט שמיליע אויפֿן מאַרק האַנדלען און איליע גייט זיך אין מיל אַריין טוואָרע מאָלן. קומט אָן אַנקעגן עפּעס אַן אַלטינקער מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס, און ער רופֿט זיך אָן צו די ברידער:

— טוט נאָר אַ קוק אָנאָ ס'אַראַ האָן ס'שטייט?

מאַכט איליע:

— אַ וואוילער פֿויגל, ער וועקט דעם מענטשן אַלע גאַנצפֿרי צו דער אַרבעט.

און שמיליע זאָגט:

— מ'הם, אַ וואוילער פֿויגל, מע קען אים קוילען און אַ גוטע יויך פֿון אים אָפּקאָכן.

זאָגט דער אלטינקער:

— גייט אייך אייער וועג.

גייען זיי.

קומט זיי אָן אַ בלינדער אַנטקעגן אין ריינעם לייוונט אַנגעטאָן.

— וואָס פירט מען דאָס אַנקעגן? — פרעגט דער בלינ־דער.

— אַ גוטן פערד, זאָגט איליע, גוט מיט אים דעם פעלד אַקערן.

— אַ גוטן פערד, זאָגט שמיליע, מען קען אים אונטער־פאַשען און כאַפּן אַ גוטן רעוואַך פון האַנט צו האַנט.

מאַכט דער בלינדער:

— גייט אייך אייער וועג.

זײַנען זיי אַוועק.

געקומען צום ברעג יאַם, שטייט אַ שיף, וואָס פאָרט אין עק וועלט אַריין גאָלד און דימענטן קריגן, באַקלערט זיך שמיליע, ער וועט זיך אַוועקלאָזן אין דער ווייטער נעסיע, זיך אָנעמען מיט אַסאַך גוטס, וועט ער שוין דערנאָכדעם מער קיין געלט ניט זשעדנע זיין, און איז אַראָפּ צום שיף. און איליע האָט דערזען אַ כעוורע האָלץ־העקער גייען, זאָגט ער:

— איר וועט מיך צונעמען אין כעוורע?

— מיר'ן צונעמען.

איז ער אַוועק מיט זיי דערוווייל קלאָפּן דראַטווועס. געקלאַפּט אַ טאָג, געקלאַפּט צוויי, באָכדעם קלערט זיך אָן איליע און רופט זיך אָן צו די כעוורע:

— וואָס וואָלט זיין, — זאָגט ער, — שוטפים, ווען מיר קויפן אינאיינעם איין ערגעץ אַ שטיק ערד?

— וואָלטן מיר געאַקערט, — זאָגן די העקערס.

איז אַוועק איליע און איינגעקויפט פאַר זיינע געלט אַ גרויסן באַשטאַן און זיך גענומען מיט דער כעוורע האַלק־העקער די ערד באַארבעטן. טון טוט מען פלייסיק, וואַקסט באַ זיי גוט. וואָס אַ יאָר ווייטער, אַלץ מער געראָט באַ זיי דאָס פעלד, האָבן זיי זיך צוגעקויפט נאָכאמאָל אַזוי פיל ערד און פאַרפירט די עמעסע פערמע מיט פערד און מיט וועגן, מיט שפייכלערס, מיט שטאַלן, מיט שאָף און מיט רינדער און אַ מיל האָט מען זיך אויסגעבויט אַן אייגענע. ס'איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן שוין געהאַט איין אייגענעם שוסטער מיט איין אייגענעם שניידער, און אַן אייגענעם שמיד אַף באַנייען, באַשיכן דעם אוילעם און אַף געצייג פאַריכטן.

אַזוי האָבן זיי געאַרבעט, און געאַרבעט ביז די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן. איז איינער אַוועק פאַר אַ קלעז־מער, איינער פאַר אַ שוסטער, איינער פאַר אַ זייגערמאַכער און די איבעריקע זיינען געבליבן פויערים און האָבן גע־האָלפן די ערד באַאַרבעטן.

שמיליען האָט זיך אויך געלעבט ניט שלעכט. ער האָט זיך גערעכנט פאַרן גרעסטן גוויר אין שטאָט: האָט ער זיך אויס־געפוצט אַ שיינע שטוב, די דילן מיט טעפּיכער אויסגע־שפּרייט, די פענסטער מיט פאָרהאַנגען באַהאַנגען; האָט אנגעדינגען אַסאַך מעשארסים מיט דינסטן און רייכע טישן געשפרייט פאַר זיך און פאַר געסט. איז ער באַ זיך פיין גרויס געוואָרן.

איין מאָל איז אים אויסגעקומען געבן אַ מאָלצייט פאַר רייכע געסט. דער מאָלצייט איז געווען רייך קעיאד

האַמעלעך. אַלע האָבן זיך געלאָזן וואוילגיין און שמילע אַליין אויך, און אַז ער איז שוין געווען אונטער א קויסע, - רופט ער זיך אָן:

— זאָלט איר וויסן, מײַנע קינדער וועלן ניט זײַן קיין פּאוועריס, קיין באַלמעלאָכעס, גרויסע סכאַרעס וועלן זיי זײַן, אָט ווי!

איז טאַקע אַזוי געווען. איין זון איז אַרומגעגאַנגען ליידיק און גאָרניט ניט געטאָן, דער צווייטער זון איז ארומגע־גאַנגען ליידיק און גאָרניט ניט געטאָן, און אַלע איינגערע קינדער זײַנען אויך אַרומגעגאַנגען ליידיק און גאָרניט ניט געטאָן. פאַרקערט, מ׳האָט נאָך יעדן צו צוויי מעשאָרסים צוגעשטעלט, זיי זאָלן זיך אויסלערנען פירן גרויס.

קוקן די שטאָטלייט און קלערן: ווער פון די ברודער פירט זיך קלוגער, איליע צי שמיליע?

אייניקע זאָגן, אַז איליע טוט בעטער:

— מעלאָכע איז בראָכע.

פאַראַן אָבער אַנדערע, וואָס זאָגן, אַז שמיליע טוט בעטער. מיסבער איז פּאַרנאָסע און פּאַרנאָסע איז קאָוועד.

די יאָרן גייען דעררווייל. איליע האָט כאַסענע געמאַכט קינדער און שמיליע האָט כאַסענע געמאַכט קינדער. איליע אַף זײַן אויפן, און שמיליע אַף זײַן אויפן. די מישפּאָכעס זײַנען געוואָרן פאַרגרעסערט. האָט שוין די שטאָט ניט גע־וואוסט קיין אַנדערע נעמען ווי מוראַשקעס און דער הויף.

ווארום די איליקעס האָבן אַזוי ווי מוראַשקעס אַלע געאַרבעט און געזאמלט, און שמיליקעס האָבן איינגעפירט אַ הויף ווי בײַ אַ סראָרע: מיט הונט און מיט שפּילערייען; אַ מעשאָרעס פאַרן טיר און אַ מעשאָרעס פאַרן טויער.

מאַכט זיך איינמאָל אַ טאָג, ווען שמיליע האָט זיך אויס־געקליבן אין אַ ווייטער נעסיע. נעמט דער אוילעם טראָגן געלט צו אים אַף איינלייגן, אייגענע איז אויך געווען ניט ווינציק, פאַרנייט מען די געלט אין זעק און שמיליע זאָגט אָן די שיפסקאַפּיטאַנען, אַז זיי זאָלן די שיף לאָזן פריי און זאָל זי זיך גיין וואו דער ווינט וועט זי קערעווען: פאָרט זי רעכטס, וועלן זיי דאָרטן איינקויפן זיידנס און קאַסטנס טיי. פאָרט זי לינקס, וועלן זיי זיך דאָרטן לאָזן בייטן דיי־מענטן און גוטע שטיינער.

האָבן אָפּגעלאָזט די שיפסלייט די שיף און גענומען וואַרטן אַף אַ ווינט. מע וואַרט א האַלבן טאָג, אַ טאָג, ערשט פאַרנאַכט איז אָנגעקומען אַ ווינט און אַוועקגעטריבן די שיף פון זיך אַף לינקס. האָט זיך שמיליע צעזעגנט מיט זיין מישפּאָכע האַרציק, וואָרום ס'איז אַ נעסיע ניט אַף קיין טאָג און ניט אַף קיין צוויי.

די טעג גייען, דער יאַם ציילט זיי ניט. ער איז גרויס און קען אַף זיך געניג טראָגן. און שמיליע — אַלע טאָג דאַוונט ער אינדערפרי און פאַרנאַכט, אָבער וואָס קומט אַרויס, ער האָט עפּעס ניט קיין נאַכעס פון דער נעסיע. אָט קומט אָן אַ ווינט, איז ער צו אַ שטאַרקער און קומט אָן אַ ווינט, איז ער צו אַ שטילער. און אָט פאָרן זיי אָפּ אַ שטיק וועג און דערפילן גאָר יאַם־רויבער פון דער נאָענט, דאַרף מען פאָרן אַף צוריק, אָדער זיי אַרומפאָרן. פאָרט מען אַזוי איבערן יאַם און מען פאָרט. אַז די שיף פאַרהאַלט זיך שוין גאָר צופיל, קלערט זיך שמיליע: עפּשער איז שוין בעסער איליען, ער איז ניט איינגעשטעלט ניט מיטן לעבן און ניט מיטן גוטס; אַ מענטש אַרבעט שווער און עסט אויף זיס...

אָבער, אַז די שיף פֿאָרט אַוועק גוט — קלערט שוין שמיליע, פֿאַרקערט, דאָס אייגענע: איך בין אַ גרויסער סוחר און אַ גרויסער עושר און מיינע קינדער וועל איך מאַכן פֿאַר סראַרעס. גאָט און לייט וועלן אים מעקאַנע זיין. און ער איליע איז וואָס? אַ פֿואָווער איז ער, אַנ׳אָקס אין דעם יאָך.

פֿאָרט מען אַזוי און מע פֿאָרט.

אין איינעם אַ באַטאָג, די מאַטראָסן ליגן אַפֿן דאַך מיט די בייכער צום הימל און ציען זיך, שמיליע שטייט און קוקט זיך אַראָפּ צום יאַם גלאַט אַזוי, און פּלוצים באַמערקט מען, אַז דער יאַם טוט עפּעס אַ גלאַנץ מיט אַ אייגעלע, ווי אַ פֿרומע קאַץ, עפּעס ניט בייז און ניט גוט, פּלוצים טוט ער אַ קנייטש די פֿעל אַף זיך און אַ צי־אָן די גריוועע, איז דאָס שוין גאָר ניט אַף אַ קאַץ ענלעך, ווערט דעם אוילעם אַביסל אַ מוירע אַפֿן האַרצן: די שיפּסלייט קוקן אַפֿן הימל. וואָס דער הימל ווערט טונקלער, ווערן זיי בייזער. וואָס דער יאַם ווערט בייזער, ווערן זיי שטאַרקער. און די שיף טראָגט זיך שנעלער און שנעלער אַזוי ווי רוכעס וואָלטן זי געשטופּט.

לויפֿט אָן אַ כוואַליע און טוט אַ שטופּ די שיף אַף קאַ־טאָוועס, לויפֿט אָן די צווייטע, זעצט זיך אונטער און וויל אַ שפּרונג טאָן אריבער. די שיף וויגט זיך און וויגט זיך און דער יאַם איז אויפֿגעטריבן און בייז, וויל שמיליע פֿרעגן פֿאַרוואָס קומט עס אים — צעגעמט ער די הענט און קען קיין וואָרט ניט אַרויסברענגען פֿון מויל, אַזוי איז ער דער־שראָקן, און די מאַטראָסן זיינען אַכוץ ניט רואיק, שווייגן זיי אויך.

דער הימל קרימט זיך ווי אַנ׳אַלטע ציגײַנערן, און דער יאַם טרישטשעט. שיסט אויס איין כוואַליע און הויבט אויף די שיף, שיסט אויס די צווייטע כוואַליע און כאַפּט זי אונ־טער, אַזוי ט׳זיך געשפּילט דער יאַם מיט דער שיף ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. ביז צו נאַכט־צו האָט די שיף גענומען פּלאַצן און מיט בייזער אויפגעטריבענער וואַסער זיך פאַרכלינען. שמיליע האָט שוין ניט געהערט וואָס מיט אים טוט זיך. ער איז ערגעץ געלעגן אין אַ ווינקל אַ פאַרטומלטער שוין די ווייפלטע שאָ.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַז שמיליע האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען אינ־דערפרי, דער יאַם האָט געגלאַנצט אַנקעגן דער זון אַזוי ווי מיט פּוטער אָפּגעשמירט. שמיליע האָט זיך דערזען ליגן מיט אַ פּאָר מאַטראָסן לעם ברעג אַף אַ ברעט. האָט ער גענומען שמייכלען קעגן הימל ווי אַ קליין קינד וואויל און אומשולדיק.

דאָס גאַנצע גוטס אי אייגנס, אי פּרעמדס איז גע־גאַנגען צו גרונט. אַרט אים ניט, אַבי מיטן לעבן. די מאַט־ראָסן אָן דער שיף און שמיליע אָן דעם גוטס, אַרעם און הויל, אַזוי ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט. און הונגעריק איז מען אויך. זיינען זיי אַוועק צו אַ אישעוו בעטן ערגעץ עפּעס אָפּעסן.

אין דער היים ווארט מען און מע וואַרט אַף שמיליען. אַנדערע זאָגן — ער האָט זיך פאַרהאַנדלט, אַנדערע זאָגן — ער איז ווייט פאַרפאָרן. די הויצאָע אין הויף איז גרויס. באַרגט מען, מע טראָגט נאָך אריין אין הויף אריין. אַז

שמיליע וועט קומען, וועט ער באַצאָלן דאָס געלט מיט גוטע מאַטאָנעס יעדן איינעם פּאָר צוגאָב.

קינדער וואַקסן אונטער אין הויף, געבאָרענע קומען צו. דינגט מען צו באָנעס, שרייבט מען אויס דינסטן פון זייערט וועגן, שפּילערס שפּילן, זינגערס זינגען, און הינט זיינען דאָ אָן אַ שיר, אַז קיין אָרעמע לייט און קיין שנאָרערס זאָלן אין הויף ניט אַריין.

דאָ ווייסן זיי ניט פון שמיליען און דאָרטן ווייס ניט שמיליע פון זיי. שמיליע ליאַפּעט אום צופוס פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף. די קליידער האָבן זיך אויף אים אָפּגענוצט.

גייט ער אין אָפּגענוצטע. אַז אים קומט אויס דורכגיין פאַרביי אַ טייכל, וואַשט ער אויס די העמד, טרוקנט זי אויס און טוט איבער וועש. און אַזוי זיינען זיך געגאַנגען כאַדאָשים און יאָרן. שמיליע האָט אַפילע פאַרגעסן די צייט ציילן. וואָס וועט עס אים דען העלפן. איינמאַל גייט שמיליע זיין וועג און באַגעגנט דעם אַמאָליקן אַלטינקן אַנקעגן.

רופט זיך אָן דער אַלטינקער: וואָס פאַר אַ סטויפּעס שטייען עס אָט אָ צעשטעלט?

זאָגט שמיליע:

– גוטע סטויפּעס, זיי וועלן מיר ווייזן דעם וועג אַהיים.

גייט ער ווייטער, גייט דער בלינדער אין ריינעם לייוונט אָנגעטאָן און פירט אַ פערד בײַ דעם צוים.

— אָ, זאָגט שמיליע, ווען איך פאַרמאָג אַזאַ פערד...

— טאָ וואָס וואָלט געווען?

— וואָלט איך גיכער צו מיין היים פאַרפאָרן.
— נעם דיר אים,— זאָגט דער בלינדער,— מינאַסטאָם וועט מיינס אָף דיר ניט פאַרפאַלן ווערן.
זיך אויפגעזעצט שמיליע אַפן פערד און אַוועקגע־פאָרן.
פאָרט ער און פאָרט, גרינען פעלדער אַפן וועג, פרעגט שמיליע: וועמעס פעלדער זיינען עס? זאָגט מען אים:
— דאָס האָבן די איליקיס פאַרזייט.
פאָרט ער ווייטער—בליען סעדער זייער פרעכטיק, פרעגט שמיליע:
— וועמעס סעדער בליען דאָס אַזוי שיין?
זאָגט מען אים:
— דאָס האָבן די איליקעס פאַרפלאַנצט.
פאָרט ער ווייטער — פאַשען זיך טשערעדעס גרויסע פון שאָף און רינדער.
— ווער האָט עס דאָ אַזעלכע שיינע פי צעפירט?
זאָגט מען אים:
— ס׳די איליקעס, זיי האָבן פערד נאָך שענערע און געזונטערע.
פאָרט ער ווייטער, שטייט אַ שטוב אַ שיינע אויסגעבויט, וואָס טיילט זיך אויס פון אַלע הייזער מיט איר שטאָלט, אַרום שטוב שפּילן זיך קינדער, אַלע באָרוועסע אין לייוונט אָנגעטאָן און מיט שטרויענע היטלען אָף די קעפּ, שטעלט ער זיך אָפּ, שמיליע:
— וועמעס זיינט איר קינדער?
— פון איליקס קאָלאָניע.
— און וואָס פאַר אַ הויז איז דאָס?

— אונזער שול, וואו מיר לערנען זיך. איז געוואָרן שמיליע זייער פריילעך, וואָס ער זעט אַזויפיל גוטס. ווי אַזוי ער הייסט, האָט ער געדענקט און ניט געדענקט. פאָרט ער ווייטער. שטייען הייזלעך אָנגעבויטע מיט נייע שטרויענע דעכער.

פרעגט ער: ווער וואוינט דאָ?

זאָגט מען אים:

— ס׳די מוראַשקעס.

גייט ער אריין אין אַ שטוב.

— שאלעם-אַלייכעם.

— אַלייכעם-שאָלעם.

— מ׳בעט עסן.

— עסט געזונט.

— אָבער ניין,—זאָגן די שטובלניט,—פון אונז גייט קיינער ניט אוועק ניט געגעסן, וואַשט זיך איין און עסט מיט אונז!

הונגעריק איז ער געווען, האָט ער זיך געוואַשן, און זיך געזעצט עסן. נאָכן עסן האָבן זיי אים אויסגעבעט אין היי אַ געלעגער, דעם פערד מיט אַלע פערד אַפן פאַשע אוועקגעפירט. האָט ער אונטערגענעכטיקט. אַף מאָרגן האָט מען אָנבייסן געגעבן. די מוראַשקעס האָבן זיך אַף דער אַרבעט אַלע אויסגעשאָטן און דער אוירעך האָט זיך אַפן פערד אויפגעזעצט, באַדאַנקט און אוועקגעפאָרן. ניט ווייט האָט זיך אנגעזעען שוין די שטאָט. פאָרט ער אָן אונטערן שטאָט, גייען מענטשן שיין אָנגעטאָן און שפּאַצירן, גיט זיי שמיליע אָפּ אַ גוט מאָרגן, ענפערן זיי ניט, פרעגט ער:

— ווער זיינען זיי דאָס? זאָגט מען אים ס׳די שמיליקעס פונם הויף. פאָרט ער אַריין אין שטאָט, שטייט זיין מויער

אַ פֿאַרפּוצטער, נאָר אָן קיין שום פֿריילעכקייט, פֿאַרט ער אָן געענטער און הערט ווי די קלעזמער שפּילן אינעווייניק דאָרטן און זינגערס זינגען. ווייל ער אַריינגיין, שטייט אַ מע־שאָרעס פֿאַרן טויער, וואָס ער אַליין האָט נאָך אויסגעבויט מיט די געשניצטע לייבן, דערקענט ער דעם מעשאָרעס, וואָס ער האָט געדינגען, אָבער ער מאַכט זיך ניט וויסנדיק.

— רופֿט מיר ארויס,— זאָגט ער,— די באַלעבאַטים.

— דער באַלעבאָס איז ניטאָ. ער איז אַוועק אין אַ ווײַ־טער מעדינע האַנדלען און זיך נאָך ניט אומגעקערט.

— אָ דאָס איז דאָך עס טאַקע,— זאָגט שמיליע,— טאָ לאָזט מיך אריין, איך האָב פֿונם באַלעבאָס אַ גרוס.

לאָזט ער אים אריין. די הינט האָבן דערקענט שמיליען, האָבן זיי זיך ארום אים ארומגעשטעלט, און די מעשאָרסים קוקן דאָס אָן. קומט שוין שמיליע צום טיר. שטייט אַ מע־שאָרעס פֿאַרן טיר און לאָזט ניט אריין.

— לאָזט מיך אַריין — זאָגט דער אַלטער — איך האָב פֿונם באַלעבאָס אַ גרוס. אַריינגעקומען שמיליע אין שטוב, וואונ־דערט מען זיך אַלע: צו וואָס האָבן די מעשאָרסים אָן אוירעך אַריינגעלאָזן, קיין אָרכים נעמט מען דאָ ניט צו.

— וואָס ט'איר זאָגן גוטס? — פֿרעגן זיי אים.

— גאָרניט, אַזוי זיך.

— מיינען זיי, אַז ער וויל אַ נעדאָווע, ווערן זיי נאָך בייזער, שיקן אים ארויס מיט דער דינסט אַ נעדאָווע און זאָגן איר אָן זי זאָל אים ווייזן די טיר.

זאָגט ער:

— קיין נעדאָווע קלייב איך ניט, איך האָב געבראַכט אַ גרוס פֿון דעם באַלעבאָס.

דערהערט אַ גרוס פונם באַלעבאָס, איז דאָס גאַנצע הויז זוויפגעציטערט געוואָרן. מע האָט אים גיכער אריינגענומען אין אַ באַזונדער כיידער און אים גענומען אויספרעגן. אַף די רייד איז אריינגעגאַן די אַלטע מוטער, שמיליעס ווייב. זי האָט דערזען שמיליען, האָט זי אים גלייך דער־קענט.

— שמיליע — האָט זי אויסגעשריען — און איז גלייך גע־פאַלן אין כאַלאַשעס.

אַז די קינדער האָבן דערהערט אַזאַ מאַיסע, זיינען זיי פאַרציטערט געוואָרן. וואָרום זיי האָבן געמיינט אַז געוויס האָט ער זיך עס אונמיסטן פאַרשטעלט. דער פאָטער, קעדיי צו זען ווי זיי פירן זיך דאָ.

האָבן זיי גענומען אים איבערבעטן, די זין מיט די איי־דעמס פון זייער זייט, און די שניר מיט די טעכטער פון זייער זייט: טאַטע לעבן אַזוי און טאַטע לעבן אַזוי — כאַר־וואָס האָסטו ניט מודיע געווען פון דיין פאָרן, מיר וואָלטן געוועזן ארויספאָרן דיר אַנקעגן מיט קלעזמער און מיט גרויס פאַראַד. אָבער שמיליע האָט אַף דעם גאָרניט גע־ענטפערט, — ס׳מאַכט זיך, — זאָגט ער.

און האָט געהייסן די ביכער אריינטראָגן.

דערהערט די שטאָט, אַז שמיליע איז דאָ, האָבן זיך די באַלעבאַטים אַ לאָז געטאָן מיט אַ אימפעט אַ קוק טאָן. וואָס הערט זיך מיט זייער גוטס. מאַכט שמיליע צו די באַלעבאַטים און רופט זיך צו זיי אַזוי אָן:

— זייט וויסן, אַז מיין גאַנץ גוטס איז צום גרונט אַראָפּ און דערביי נאָך פרעמדס אויך. גוט, וואָס איך בין אליין געבליבן.

איצט נאָט איין, מײַנע טײַערע, קײַלים פֿון שטוב, נאָט אײַך די אויסגעבייטע טיכער און טעפּיכער, פֿאַרקויפֿט און נעמט אָפּ אײַערע כײַוועס: וועט סטאַיען, איז גוט, און אויב ניט, וועט די שטוב אויסצאָלן דאָס רעשט. דערהערן די זין און די טעכטער, האָבן זיי זיך אין די ווינקעלעך צערוקט פֿאַר כאַרפּע.

— טאַ וואָס וועלן מיר טאָן, טאַטע? — פֿרעגט דער עלטס־טער זון.

— מירן האָלץ האַקן.

— וואָס וועלן מיר טאָן — פֿרעגט דער צווייטער זון?

— מירן ברויט באַקן.

זיך צעצאָלט פֿון די כײַוועס, האָט שמיליע צונויפֿגערופֿן די קינדער און די אייניקלעך און צו זיי געזאָגט: גוט קינדער, וואָס דאָס גוטס איז צו גרונט געגאַנגען, ווען ניט, וואָלטן מיר אַזויפֿיל הינט צעפּירט, אַז מען וואָלט אונזער גאַס ניט קענען דורכגיין. געזונט אײַך! אויסגעוואַקסן זײַנט איר, זוכט אײַך אײַער וועג.

זיך צעזעגנט מיט די קינדער און אַליין איז ער אַוועק מיט דער באָבע צו די מוראַשקעס אין קאָלאָניע.

איליע האָט זיי פּאַר גרויסע געסט צוגענומען און אַזוי האָבן זיך די ביידער בעשאָלעם דערלעבט זייערע יאָרן.

די שטאָט איז נאָך הײַנט אויך דאָ, זי איז שוין אַן אַלטע זייער. אייניקלעך זײַנען שוין זיידעס געוואָרן, און אַף זיידעס זײַנען בוימער אויסגעוואַקסן.

די שמיליקעס האָבן זיך איבער דער וועלט צעזייט און אַזוי פֿאַרגעסן געוואָרן.

און די איליקעס פירן זיך נאָך ווי היינט, האָבן קאָלאָ־
ניעס, האָבן פּאַקטן, האָבן סעדער און באַשטאַנאַן. פּויערים
עלטערן זיך געזונט און שטאַרק, ווי די אַלטע דעמבעס, און
ווען ניט ווען אין אַ רואיקער שאָ דערציילט אַ גרייזער
זיידע די אייניקלעך פון די איליקעס מיט די שמיליקעס.
אמאָל זיינען געווען ברידער אַ פּאָר. איינער האָט גע־
הייסן איליע און דער צווייטער שמיליע.

# אונזער קליינינק דינסט - מיידעלע

I

## איך וואַרט אַף אונזער דינסט

באַ אונז אין האַרבאַרניע אַרבעט מען אויס פעל אַף יוכטן. יוכטן, וואָס מ'קען פון זיי נייען פּ[illegible] שטיוול. מיין טאַטע קען זייער גוט די מעלאָכע. אַ[illegible]ר [illegible]טערס זיינען אים מעקאַנע און קומען צו אים זיך [illegible]ר[illegible].

אַז ס'שטעלט זיך באַ אונז אין שטאָט אַ יאַריד, האָט דער טאַטע קיין צייט ניט צו אַרבעטן, די מאַמע טרייבט אים ער זאָל גיין האַנדלען, אַלע האַרבאַרעס האַנדלען, דאַרף ער אויך גיין. פאַרשליסט ער די האַרבאַרניע אין הויף, עסט אָפּ אַ גוטן אָנבייסן און גייט אַוועק אַפן יאַריד אַלצ־דינג אויפקויפן.

ער קויפט וואָס ס'מאַכט זיך: אַ קרענצל ציבעלעס, אַ פּאָר מאַקוכעס און אַ פעלכל און האָבער פאַרן פערד. אַלע זאַכן ברענגט מען אַהיים און מ'שיט אויס אין קיך אַפן סאַמע דורכגאַנג, און מ'לויפט ווייטער אַפן יאַריד, ווייל ווינטער, — זאָגט די מאַמע, — איז דער טאָג אַ קליי־נער. איידער מ'קוקט זיך נאָך אום, דאַרף מען שוין זיך לייגן שלאָפן. דערנאָך קומען נאָך צו אונז צו פאָרן שוסטערס פון אַלע דערפער. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי קיין צייט ניט עסן קיין וואַרמעס, ווייל אין אַ יאַריד עסט מען ניט, און

נאָר אַף דערנאָכט קלויבט מען זיך אַלע צונויף און מען עסט וועטשערע.

באַם טיש איז קיינאָרע א ענגשאַפט. די שוסטער פון די ווייטע דערפער בלייבן באַ אונז קעסיידער אַף נעכטיקן.

זיצן מיר: די שוסטערס די דאָרפישע, זייערע בײדע פורמאַנעס און דער טאַטע מיט מיר (די מאַמע האָט קיין צייט ניט זיצן באַם טיש, זי דאַרף דערלאַנגען אַלעמען דאָס עסן). איינער פון די פורמאַנעס, אַז ער קומט צו פאָרן, ברענגט ער קעסיידער זיין ווייס הינטל. דאָס הינטל איז א ווייס און אַ לאַנגס, פון אַ פרעמדן דאָרף איז עס. און אַז ס'זיצט אַפן וואָגן, וועט שוין קיינער גאָרניט צונעמען פון וואָגן... אַפילע מיר, וואָס ס'איז אונזער אייגענער הויף, האָבן מיר אויך מוירע ארייַנטראָגן האָלץ פון שטאַל, ווייל דאָס הינטל זיצט אַפן וואָגן און גיט אַף איטלעכן זייער אכטונג.

באַם טיש שיילט מען געקאָכטע קאַרטאָפל, באַם טיש לויבן די שוסטער אונזער קרויט און אַלע מאָל צעבינדן זיי זייערע פעקלעך, וואָס זיי האָבן געקויפט אַפן יאַריד און זיי ציילן און שאַצן זייערע סכוירעס. און אַז איך זיץ און שרייב מיין אַפיר, זאָגן די שוסטערס, אַז איך שרייב זייער שיין. איינער זאָגט, אַז ער האָט אין דאַרף זייער אַ שיינע מיידעלע, וועט ער זי מיר ברענגען פאַר אַ כאַלע. איך קוק אי אַף אים, אי אַף מיין מאַמע. אַף דער מאַמעס פאָנעם קען איך דערקענען צי ס'אנעמעס, וואָס ער וויל מיר ברענגען פון דאַרף זיין מיידעלע, צי דאָס רייצט ער זיך מיט מיר נאָר.

רופט זיך אָן די מאַמע צו די שוסטערס און זי זאָגט:

— איר וואָלט מיר בעסער גאָר נאַראַיעט עפּעס אַ מיידעלע אין שטוב אַריין, זי זאָל מיר העלפֿן טון.

אַז די מאַמע האָט אַזוי געזאָגט, האָט שימען מיט דער שוואַרצער באָרד אַ קוק געטאָן אַף קאַלמענען, וואָס מיט דער געלער באָרד. דערנאָך האָט קאַלמען מיט דער געלער באָרד אַ קוק געטאָן אַף שימענען מיט דער שוואַרצער באָרד און זיי זאָגן, אַז יאָ. זיי קענען ברענגען נאָכן דעם קאָוואַנקערס מיידעלע, לאַגען, צו אונז אין שטוב אַריין פֿאַר אַ דינסט. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דער מאַמע זאָגן די שוסטערס געוויס ניט קיין ליגן, וועט מיר טאַקע זיין גוט, וואָס באַ אונז אין שטוב וועט קעסיידער זיין נאָך אַ מיידעלע. איך האָב געוואוסט, אַז באַ איר, באַ דעם מיידעלע, איז געוויס דאָ אַ מאַטראָסנע בלוזקעלע מיט רויטע סטענ־געס אין די צעפּעלעך, אַזוי ווי איך האָב געזען איינמאָל אַ מיידעלע, וואָס מ׳האָט געבראַכט צוגאַסט צו אונז אין שטאָט פֿון ערגעץ אַן אָרט, איך האָב פֿאַרגעסן וואו.

אַף מאָרגן זיינען די שוסטערס גאַנץ פֿרי אַוועקגעפֿאָרן, האָב איך שוין גענומען וואַרטן אַף דעם מיידעלע.

איך האָב געוואַרט אַ וואָך, איז זי ניט געקומען, און איך האָב נאָך געוואַרט צוויי פֿרייטיקס, און זי איז נאָך אַלץ ניט געקומען. איז געוואָרן טיף ווינטער, מ׳האָט שוין אָנגעהויבן גיין אין „שקאָלע" צום צווייטן טרימעסטער, און איך האָב זיך שוין פֿאַרגעסן פֿונם מיידעלע.

איינמאָל ווינטער איז ווייטער אַ יאַריד אין שטאָט. אַף אַ יאַריד לערנט מען באַ אונז נאָר ביז האַלבן טאָג. און דער יאַריד צעבערענט זיך אויך ערשט פֿון האַלבן טאָג. דער

גאַנצער מאַרק איז אָנגעשטעלט מיט אַסאַך דאָרפּישע פּורן. פאַר די קליינע הענגען רויטע ברענענדיקע טוכן און ס'איז אַ שטופּעניש. דער פּראָסט סקריפּעט אונטער די פּיס, דער שניי — אונטער די שטיוול. גיי איך מיט אַלע אינגלעך פון שולע אַהיים, מיר טראָגן די ביכלעך אַף די פּלייצעס און מיר שטעלן זיך אָפּ לעם אַ בײדל, פאַרקויפט מען דאָרט „אָבראַזן" און אַלערליי „קאַרטינעס".

גיי איך אַביסעלע ווייטער, פאַרקויפט מען דאָרט אַף טישלעך צוקערקעס מיט ביכלעך און מיט ציאַצקעס. אַנדערע ציאַצקעס זיינען אַליין פון הוילער צוקערקע. פאַראַן קאַטש־קעלעך אַזעלכע, וואָס אי די פּיסעלעך, אי דאָס קעפּעלע, אי דאָס בייכעלע מיט אַלצדינג זיינען פון הוילער צוקערקע. און בלעכערס שטייען נאָך מיט ווייסן בלעכערנעם געפּעס. קלער איך שוין מער פון גאָרניט, נאָר איך קלער, אַז ווען איך האָב געלט קויף איך זיך פינף ביכלעך און פינף קאַטשקעלעך פון צוקערקעס מיט איינעם אַ גרויס בלע־כערן מעלק־שעפל. בא אונז איז די בעהיימע אַ רויטע מיט אַ ווייסן שטערן, דאַרף מען צו איר האָבן אַ בלעכערן מעלק־שעפּל מיט אַ זייערל, אַזוי ווי בא די דייטשן.

די פּורן ווילן מיך איבערפאָרן מיט די שליטנס, און די מענטשן ווילן מיך פאַרטרעטן, אַזוי געדיכט איז דער יאַריד, אָבער איך בין אַ קליינער נאָך, גיי אומעטום דורך צווישן און איך קום אַרויס אַ גאַנצער. אַ פרעמד לאָשעקל האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין סאַמע עק מאַרק און האָט ניט געקענט געפינען זיין שליטן, האָט זיך מיר זייער שוין געגלוסט פאַרקערעווען דאָס לאָשעקל און פאַרטרייבן צו זיך אַהיים. איך האָב פאַרגעסן פון די קאַטשקע־צוקערקעס

און גענומען קלערן, אַז איך קען געבן דעם לאָשאַקל אַלע טאָג עסן, וועט בײַ מיר אויסוואַקסן אַ פערד שוין אײנמאל אַ פערד...

דערווײל האָב איך דערזען צווישן די מענטשן די מאַמע מײנע. און די מאַמע האָט מיך דערזען, האָט זי מיך גענומען רופן: פערטשיק! — האָט זי גענומען רופן. — גיכער, נעם פיר אָפּ אָט דעם אָ, מיט דער פעל, אַהײם. זאָג דעם טאַטן, אַז איך האָב זיך אויסגעדינגען צען גילן אַרבעטגעלט.

— גוט! — זאָג איך. און איך גײ שוין אַוועק מיטן פויער און מיט ד'ער פעל, וואָס בײַ אים אַף די פּלײצעס, גלײך צו א'נז אַהײם.

בײַ אונז אין דערהײם זײנען אין הויף שוין װײטער געשטאַנען שוסטערשע פורן און װײטער ס'ווײסע הינטעלע אַפן שליטן, און אונזער בעהײמע איז געשטאַנען אַפן הויף און געקײט די זשויקע, האָט זי אַפּילע ניט געוואָלט צוגײן צו די שליטנס מיט הײ. דאָס הײ איז, װײזט אויס, געװען פערדישער, און אין קיך איז בײַ אונז װײטער אָנגעוואָרפן אַזוי ווי אַף אַ יאַריד. ס'ליגן זעק מיט קאַרטאָפל, זעק מיט פּאָלאָווע און מאַקוכע און אַ זעקס געבינדענע ראַבע גענזעלעך.

אַזוי קײן מענטשן זײנען קײנער ניטאָ, נאָר איך גיב אַ קוק אין סאַמע ווינקעלע, וואוהין ס'האָט זיך פאַרוקט אײנע פון די גענז, זיצט עפּעס אַזוי ווי אַ מײדעלע. בין איך אַנטלאָפן געוואָרן אין שטוב אַרײן, און פון טיר האָב איך גענומען קוקן אַף איר מיט אײן אויג, זי זאָל מיך ניט זען... קוקט זי אָבער צו מיר אויך.

אין שטוב, אַז עמעצער קומט אַריין, לייגט ער עפּעס אַוועק, אָדער מען נעמט עפּעס צו און מ׳גייט זיך באַלד צוריק אַוועק. און דאָס מיידעלע איז עפּעס אַזאַ מאָדנע. זי גייט אין אַ צעלעכערט פּעלצעלע און אין צוויי אָפּגעריסענע שטיוול פאַרבינדן מיט שטריקלעך. איך האָב גענומען, איך האָב געוואָלט זי זאָל זען, אַז מיין טאַטע האָט טאַקע אַ פּידל. אונזער פּידל ליגט אַף דער שאַפע אין אַ ליינוונטער טאָרבע. האָב איך זי אַראָפּגענומען און גענומען דרייען די שרייפּעלעך פון די סטרונעס. איין סטרונע האָט זיך ניט איינגעהאַלטן און זי איז גלייך אַפן אָרט צעלאָפּעט געוואָרן. האָב איך גיכער געכאַפּט און באַהאַלטן צוריק דעם פּידל.

און פרעג עס שוין דאָס מיידל אַפן קיך מיט אַ קאַס:

— וואָס טוסטו דאָ?

שווייגט זי.

— ווי אַזוי רופט מען דיך?

זאָגט זי שטילינקערהייט — לאַנאַ.

אַז איך האָב דערהערט „לאַנאַ“, האָב איך שוין געוואוסט, אַז דאָס איז דאָס קאָוואַנקער מיידעלע.

פרעג איך באַ איר:

— און וועמעס זיינען עס די גענדזן? דיינע?

זאָגט זי:

— ניין.

— טאָ וועמענס זשע, די שוסטערס?

זאָגט זי:

— יאָ, די שוסטערס.

— און דיין טאַטע איז אויך אַ שוסטער, — פרעג איך.

זאָגט זי:

— פון וואַנען ווייסטו?

זאָג איך, אַז איך ווייס ניט. איך פרעג נאָר אַזוי.

זאָגט זי: — מיין טאַטע איז טאַקע אַ שוסטער, נאָר ער האָט ניט וואָס צו נייען, מאַכט ער אויוונס אַפן דאָרף.

— און וויפל ביסטו אַלט?

זאָגט זי: — צען יאָר.

— און מיר איז שוין אַכט יאָר, זאָג איך, גיי איך שוין אין דער ערשטער גרופּע.

זאָגט זי: — דאָס ביסטו דער באַלעבאָסטעס אינגעלע?

זאָג איך:

— וועלכער באַלעבאָסטעס?

זאָגט זי: — דיין מאַמעס?

זאָג איך: — אַוואדע בין איך מיין מאמעס! — און איך שלעפּ אַרויס פון אויוון פּאַמפּושקעס. אַז ס'אַ יאַריד קען מען באַ אונז שלעפּן פון אויוון וואָס מען וויל. קיינער מישט זיך באַ אונז ניט, כאַטש נעם און טראָג אַרויס די גאַנצע שטוב.

די פּאַמפּושקעס זיינען מיט מאָן. וויל איך אַליין ניט עסן.

איך וויל זי זאָל אויך עכן, לאַנע, גיב איך איר, זאָגט זי אַ דאַנק און זי עסט.

און איך רוף זי אַף דרויסן. איך פאַרפיר זי אין הויף און ווייז איר ווי אַזוי די האָלצערנע ראָד פון דער מאַשין דרייט זיך באַ אונז אין שאָפּע און איך וויַז איר ווי אַזוי מען קען פאָרן אַף דער ראָד. דערווייל דערהער איך אַ געשריי. די מאַמע שרייט, אַז כ'זיינען אָפן אַלע טירן, ס'איז אַ פולע שטוב מיט הינט און זיי שלעפּן די פעל.

— ווער האָט עס געלאָזט אָפן די טירן?—פרעגט זי מיך.
די מאַמע — ס׳דוז, צי לאָנע?
קוק איך אָף דער מאַמע און שווייג.
— איך ווייס ניט,— זאָג איך,—ווער ס׳האָט געלאָזט אָפן די טירן, ס׳ניט איך און ניט לאָנע...

II

## ווי אַזוי לאָנע איז ניט פאַרבלאָנזשעט געוואָרן

אונזערע שכיינעס זאָגן, אַז די מאַמע האָט מאַזל, וואָס לאָנע איז בײַ אונז אַ גוטע דינסט, איר אַרבעט, זאָגן זיי, איז גאָלד מיט זילבער. און די מאַמע זאָגט, אַז איינעם דאַכט זיך, וואָס בײַם צווייטן לאַכט זיך.

פרײַטיק, זומער, אַז מ׳באַקט בײַ אונז קנישעס, לייגט זיך לאָנע אַנידער אָפן גאַנעק און טראַסקעט מיט די פיס אין דער ערד, זי שרײַט, אַז זי וויל נאָך קנישעס.

די מאַמע זאָגט, אַז ס׳שוין אַזאַ דינסט האָבן אונז די שוסטערס נאַראַיעט, אַז מ׳דאַרף נאָך צו איר אַליין דינגען אַ ניאַנקע.

אַז די מאַמע זאָגט, זי וועט צו איר דינגען אַ ניאַנקע, צו לאָנען, קרימט זי זיך נאָך נאָך איר, לאָנע, נאָך מײַן מאַמע, אַזוי ווי מײַן מאַמע וואָלט קענען זאָגן אַ ליגן. און איך ווייס, אַז מײַן מאַמע זאָגט קיינמאָל ניט קיין ליגן, און לאָנע קען אויך ניט זאָגן קיין ליגנס. זי זאָגט, אַז אַ מענטש, וואָס זאָגט ליגנס, קען ער נאָך דעם זעלבן טאָג אַוועק־שטאַרבן.

איז טאַטע פאַרנאַכט, שאַבעס, אַז די מאַמע שלאָפט און אַלע שלאָפן, דערציילט זי מיר, לאַנאַ, דעם גאַנצן עמעס ווי אַזוי זי איז אַוועקגעפאָרן צו אונז פאַר אַ דינסט.

איר טאַטע, — דערציילט זי, — האָט זייער אַסאַך קינדער. פון אַנדערע האָט ער זיך אַפילע פאַרגעסן, ווי אַזוי מען רופט זיי. דאָס זיינען די גרעסערע שוועסטער אירע, כאַשקע און יענטע און דאָרטן נאָך שוועסטער. די שוועסטער אירע דינען שוין אַזוי לאַנג אין דער פרעמד, אַז זיי האָבן שוין געקערט לאַנג כאַסענע האָבן.

— באַ אייך איז אַ גרויסע שטוב? פרעג איך זי, לאַנען. זאָגט זי:

— אָהאָ! באַ אונז איז די שטוב אַזאַ גרויסע, אַזוי ווי גאָרניט.

אונזער שטוב שטייט מיטן גאַלעכס שטוב איינס אַנ־קעגן ס׳אַנדערע. און אַז מיין טאַטע האָט געקערט דעם קוימען באַם גאַלעך אַפן דאַך, איז ער איינמאָל אַראָפּגע־פאַלן און זיך שיר ניט געהאַרגעט אינגאַנצן אַף טויט.

דער גאַלעך האָט זיך דערשראָקן, — דערציילט זי, לאַנאַ, — און ער האָט זיי אַריינגעטראָגן אַ גאַנצן פוד מעל אין שטוב אריין. און אַלע אידן פון זייער דאָרף האָבן זיך אויך דערשראָקן, האָבן זיי זיך אָנגעקליבן אַלע, מ׳האָט אים געלייגט נאַסע שמאַטקעס צום קאָפּ און מ׳האָט געסמאַטש־קעט מיט די ליפּן.

— און די מאַמע וואָס האָט געטאָן? — פרעג איך זי.

— די מאַמע? — זאָגט זי, לאַנאַ. — ס׳דענסטמאָל געווען אַזוי. דער טאַטע איז געליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן אַפן קאַסטן און געקרעכטשעט שטילינקערהייט און די מאַמע

האָט געוויינט און פאַרקנעטן פונם גאַלעכס מעל פּלעצלעך. האָבן מיר אַלע געגעסן.

— דערנאָך, — דערציילט לאַנאַ, — איז איר טאַטע שוין געווען שלאָף אַ גאַנצן זומער. זיינען זיי אַ גאַנצן זומער געזעסן הונגעריקע און זי פלעג מיט נינען דער גאַלעכטעס באַקן פון בלאָטע ברויטעלעך.

— דו מיינסט, — זאָגט זי, — אַז טאַקע עמעסע ברויטע־לעך? ניין! ס׳פון בלאָטע פלעגן מיר מאַכן קאָרענע און פון ליים — ווייצענע. דערנאָך פלעגן מיר זיי אָפּבאַקן אַף דער זון, האָט מען זיי ניט געקענט עסן, וואָרום זיי האָבן געקריטשעט אונטער די ציין.

— דערנאָך זיינען געקומען קאַלמען דער געלער מיט שימענען דעם שוואַרצן פונם יאַריד, האָבן זיי געזאָגט מיין טאַטן, אַז זיי האָבן שוין מיך באַשטעלט אין שטאָט אַריין צו אייך אין האַרבאַרניע פאַר אַ דינסט.

— נו, איז וואָס געווען?

— איז וואָס געווען פרעגסטו? דער טאַטע האָט זיי אָנגעדאַנקט אַ פולן קאָפּ און איך מיט דער מאַמע האָבן מיר זייער שטאַרק געוויינט.

— פאַר וואָס זשע, — פרעג איך, — האָט איר עס גע־וויינט?

זאָגט זי:

— אַז מע דאַרף אַוועקפאָרן פון דערהיים, וויינט יעדע־רער. כאַשקע מיט יענטען האָבן אויך געוויינט, אַז זיי האָבן געדאַרפט אַוועקפאָרן.

דערנאָך, דערציילט זי, לאַנאַ, אַז זי האָט זיך טאַקע באַ־רימט פאַר נינען דער גאַלעכטעס, וואָס זי פאָרט אַוועק

אין שטאָט אַריין אין האַרבאַרניע פאַר אַ דינסט, האָט איר נינע מעקאנע געווען און וויינען האָט זי געוויינט אונטערן שטאָל בײַ זײ אַפּן בערגעלע.

— דערנאָך, — זאָגט זי, — האָב איך זיך צעשײלט מיט נינען מיט די ברויטעלעך, האַלב איר און האַלב מיר, מײנע האָב איך צעבראָכן אַף פּיץ־פּיצלעך און איך בין אָוועק־געפאָרן צו אײך.

איך וויים, אַז לאַנא דערציילט אַלצדינג עמעס. ווארום מיין מאַמע זאָגט אויך, אַז לאַנעס טאַטע איז זייער אַן אָרעמער.

אַז לאַנעס טאַטע קומט אַראָפּ צו אונז צו גאַסט, פּאָפּ־קעט ער די ליולקע; בײַ אים זיינען גרויסע ברעם אַריבער די אויגן און אַ גרויסע דאָרפישע באָרד. אַז ער קומט, זעצט ער זיך אַנידער אינמיטן שטוּב אַף אַ בענקל, די טאָרבע לייגט ער אַנידער אַף דער ערד, דעם שטעקן אויך און ער טרייבט אָן לאַנען זי זאָל טאָן איר אַרבעט.

— טו, טו, — זאָגט ער צו איר, — פּויל זיך ניט.

— האָרכסטו, — זאָגט ער, — האָרעווע, מיידעלע, וועסטו האָבן אַ קליידעלע. — און ער פּאָפּקעט די ליולקע.

איבער זיינע גרויסע ברעם, זעט מען ניט צי ס׳בײַ אים דאָ ערגעץ אויגן אין פּאָנעם, צי ניין.

אַז איך בין איינמאָל געגאַנגען פון שול, איז לאַנאַ צו מיר אַרויסגעלאָפן אַפן גאַנעק און זי זאָגט:

— פערטשאָ, האַ, פערטשאָ! דו ווייסט ווער ס׳געקומען?

— ווער? — זאָג איך.

זאָגט זי:

— מיין טאַטע איז געקומען.

— מיט אַ פור? — זאָג איך.

זאָגט זי:

— ניין, מיין טאַטע גייט קעסיידער צופוס.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין קיך און זיך שוין געשעמט גיין אין שטוב אַריין. דערנאָך בין איך אַריין, האָב איך אים געגעבן מיט דער רעכטער האַנט שאָלעם און ער האָט מיר צוגעהאַלטן די האַנט און ניט געוואָלט אָפּלאָזן.

אַז לאַנעס טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען נאָך וואַרמעס מיט זיין שטעקן און מיט דער טאָרבע פאָרן צוריק צו פוס אַהיים, האָט באַ מיר לאַנא גענומען אַ פּערטל פּאַפּיר און אָפּגעגעבן אים פון איר ברודערס וועגן, ער זאָל זיך דאָרטן לערנען שרייבן. און מיר האָט זי געזאָגט, אַז איר טאַטן איז בעסער, וואָס ער גייט צופוס.

— פאַרוואָס, — פרעג איך, — איז אים בעסער וואָס ער גייט צופוס?

זאָגט זי, אַז דערפאַר איז בעסער, ווייל זי איז געזעסן אַפן שליטן בעשאַס זי איז געפאָרן צו אונז פאַר אַ דינסט, איז זי אַנשלאָפן געוואָרן און איז אַראָפּגעפאַלן פון שליטן.

— טאַקע אַף דער עמעס? — פרעג איך זי.

זאָגט זי:

— יאָל איך ניט דערלעבן מאָרגן.

וויפל די מאַמע האָט זי ניט געלערנט, לאַנען, זי זאָל זיך ניט שווערן מיט קיין שוואועס, קען זי זיך נאָך אַלץ ניט אָפּגעוואוינען. באַ זיי אין דערהיים, — זאָגט זי, — פלעג זי זיך פאַר יעדעס פיצעלע שווערן מיט שוואועס.

— איז וואָס זשע געווען, פרעג איך זי, אַז דו ביסט אַראָפּגעפאַלן?

זאָגט ־זי, אַז ס׳גאָר נ׳ט געווען. זי איז געלעגן אַפן שניי און איז געשלאָפן ביז וואַנען ס׳זיינען געפאָרן נאָך פורן אַפן יאריד, פאָרן זיי די פורן און זיי פאָרן, פלוצים דער־שרעקן זיך די פערד און זיי טוען אַ שפרונג אין אַ זייט. איז דער פויער אַראָפגעקראָכן פונם שליטן און האָט ער דערזען, אַז עפּעס אַ מיידעלע שלאָפט אַפן שניי. האָט ער מיך אויפגעוועקט און דערזען, אַז ס׳איך, זאָגט ער:

— „צע טי נאַסעליעוואַ זשידיוואַטשקאַ?"

זאָג איך:

— „עהע".

זאָגט ער:

— "שאָ טי טוט ראָבּיש"?

— זאָג איך, אַז איך פאָר אין האַרבּאַרניע אַריין פאַר אַ דינסט.

— נו, איז וואָס געווען ווייטער?

— נו, איז ווייטער אַזוי געווען: אַז איך בין שוין אַוועק־געפאָרן מיט אים, בּאַ אים איז געווען אַ ג׳ער שליטן גענז, בין איך געזעסן צווישן די גענז, איז מיר געווען וואַרעם. און דערנאָך זיינען מיר פאַרפאָרן אין שטאָט אַריין. אוי וויי, מאַמעלע, ס׳אַסאַך פורן ס׳האָבן זיך דענסט־מאָלט געשטאָן אין שטאָט, אַז מ׳האָט אין ערגעץ ניט גע־קענט קיין שפּילקע דורכ שפּאַרן.

— האָסטו זיך מוירע געהאַט? — פרעג איך.

זאָגט זי:

— אַוואַדע האָב איך זיך מוירע געהאַט. מיר האָבן זיך פאַררוקט ערגעץ אין מיטן מאַרק בּאַם כאַמע עק, צווישן די פורן, און איך האָב שוין גאָרניט ניט געוואוסט, וואו איך

בין. אלע רעגע זיינען געקומען ווייבער טאַפּן די גענז, האָט ער זיי געזאָגט, דער „כאַזיאַאין", אַז ס'ניט זיינע... ער פירט אין האַרבאַרניע אַריין!.. דערנאָך האָט ער מיך פאַרפירט אינאיינעם מיט די גענז און מיט דער פעל צו-אייך.

— דאָרטן איז געווען אַ וואַלד? — פרעג איך, — וואו דו ביסט אַראָפּגעפאַלן.

— אָהאָ! — זאָגט זי, — נאָך אַ מין וואַלד, דאַכט זיך, אַז אונטער יעדער בוים האָט דאָרט געקענט זיצן אַ וואָלף.

— נו, ביסטו ניט פאַרבלאָנזשעט געוואָרן?

— ניין, — זאָגט זי, — איך האָב אַפילע אַף קיין קאָפּ ניט געבלאָנדזשעט: אַז מ'האָט מיך פאַרפירט צו אייך, האָט מען פריער אַראָפּגעטראָגן די גענז, דערנאָך האט מען אַריינ-געפירט מיך אין קיך אַריין, איך זאָל זיך אָנוואַרעמען. האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אין קיך אין אַ ווינקעלע און בין געזעסן.

III

## ווי אַזוי ס'איז ווינטער אַ מוירע צו גייען אין מיל אַריין.

לאַנאַ האָט געקענט זייער שיינע מאַיסעס דערציילן. איין מאַיסע קען זי פונם זומער מיטן ווינטער: ווי אַזוי דער ווינטער זאָגט צום זומער:

— זומער, זומער, וואָס טוסטו מאַכן אַזעלכע היצן? די אָרעמע לייט וועלן דאָך דיר דיינע ביינער פאַרשמיצן.

זאָגט דער זומער צום ווינטער:

— ווינטער, ווינטער, וואָס טוסטו מאַכן אַזעלכע קעלטן? די אָרעמע לייט וועלן דאָך דיר דיינע בייגער פאַר־שעלטן!..

ווינטער באַנאַכט פליקט זי, לאַנאַ, פעדערן לעם דער הרובע און זי דערציילט קעסיידער די מאַיסע פונם זומער מיטן ווינטער און פון דער זאַווערוכע ־ מיט דער מעטע־ליצע.

און די מאַמע זאָגט טאַקע, אַז היינט איז אַזאַ ווינטער, אַז זינט זי געדענקט איז נאָך אַזאַ ווינטער ניט געווען. איינמאָל נאָר, אַז זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע, האָט געשאָטן אַזאַ שניי, אַז די פלויטן האָבן זיך שוין ניט ארויסגעזעען.

— איז מען געפאָרן איבער די פלויטן? — פרעג איך.

זאָגט לאַנאַ, אַז בעשאַס ס'איז אַ גרויסער שניי קען מען פאָרן אַפילע איבער די הויכע בוימער און איבער די דעכער פון די הייזער און מ'זאָל ניט אַראָפפאַלן. און באַ זיי אין דאָרף דערציילט זי נאָך, לאַנאַ, איז געפאָרן אַ שליטן מיט „כאַזאַינעס” צוגאַסט אינם צווייטן דאָרף און ס'האָט גע־שאָטן אַ גרויסער שניי, זיינען זיי אַריינגעפאָרן מיט די פערד אין אַ גרויסן יאַר אַריין און דער שניי האָט זיי פאַרשאָטן מיט די פערד אינאיינעם, איז שוין דאָ אַזוי פיל יאָר דערינען, האָט מען זיי נאָך היינט אויך ניט אָפגעזוכט.

אַז לאַנאַ דערציילט אַזעלכע מאַיסעס, האָב איך מוירע ווינטער באַנאַכט אַרויסגיין צו אונז אין הויף אַריין. נאָר באַטאָג איז גאָרניט, באַטאָג האָב איך זיך קיין מוירע ניט.

באַ לאָנען זיינען נאָך ניט געווען קיין שיך, איז זי געווען געגאַנגען אין מיין טאַטנס אַלטע שטיוויליעטן. אַז זי פלעג

גייַן אין דער פרי צו דער מילנערן נאָך מילך און אָנעמען פוּלע שיך מיט שניי, פלעג זי דערנאָך ווייַנען און צעשמיצן בּיידע שיך איבּערן פאָל.

איינמאָל אינדערפרי שטייען מיר אויף, שיט אַ גרויסער שניי אין דרויסן און ס׳בּלאָזט אַ גרויסער ווינט אין דרויסן. האָט זיך לאַנאַ איינגעוויקלט אין דער מאַמעס זשאַקעט, האָט זיך אַרומגעבּונדן מיט אַ האַנטעך, דערנאָך האָט זי אָנגעטאָן דעם טאַטנס הענטשקעס און איז אַוועק אין מיל אַריין נאָך מילך. בּאַ דעם מילנער זייַנען גוטע בּעהיימעס, ווען מ׳קומט צו אים, האָט ער מילך. און אונזער בּעהיימע אַז זי פאַרלאָזט זיך אַף ווינטער, ווייל זי שוין גאָרניט געבּן קיין מילך.

אַז איך האָבּ זיך אָנגעטאָן מיט אַלע זאַכן, שוין גייַן אין שוּלע אַריין, האָט מיר די מאַמע געהייסן איך זאָל זיך אויסטאָן צוריק און ניט גייַן היינט אין ערגעץ דערפאַר, זאָגט זי, וואָס מ׳האָט היינט געפינען אין דרויסן פאַרפרוירענע בּערן.

— טאָ פאַרוואָס זשע איז לאַנאַ אַוועק אין מיל אַריין? — פרעג איך זי.

האָט מיר די מאַמע געזאָגט, אַז דער מילנער האָט אַ בּיקס, וועלן אַהין די בּערן ניט קריכן.

נו, גוּט. בּין איך געבּליבּן אין שטוּבּ און בּין געלאָפן אַלע רעגע צום פענסטער, קוּקן צו לאַנאַ גייט שוין.

אינדרויסן איז געגאַנגען אַזאַ שניי מיט אַזאַ זאַווערוּכע, אַז מ׳האָט גאָרניט געקענט זען, וואָרום דער שניי האָט זיך געדרייט איינס איבּערן אַנדערן, אַזוי ווי מען גייט מיט עמעצן אַ טאַנץ.

די מאַמע האָט אַריינגעטראָגן אַ בערעמאָך האָלץ פון שטאַל, האָט אָנגעטראָגן אַ פולע שטוב מיט קאַלטן שניי אַף די שיך, אַף דער שאַל און אומעטום. זי האָט געטופּעט מיט די פיס, האָט געכוקעט די הענט און האָט געזאָגט, אַז אין דרויסן טוט זיך: הימל־עפן־זיך. כאָטש לאַנאַ זאָל גיכער קומען.

און צום מילנער דאַרף מען גיין מיט אַ גאָרטן און פון דעם גאָרטן קריכט מען איבער נאָך אין אַ גאָרטן. און קיין הייזער זיינען דאָרט ניטאָ, קיין מענטשן זיינען אויך ניטאָ. נאָר אַ סטעזשקע איז דאָרט דאָ אַ שמאָלע, איז זי איצט געוויס פאַרשאָטן מיט שניי.

אַלע טאָג, אַז איך גיי אין שולע, עס איך נאָר איין מאָל אָנבייסן, און אַ טאָג, וואָס איך גיי ניט אין שולע אַריין, וויל איך אַלע מאָל עסן.

גיט מיר די מאַמע לאַטקע מיט שמאַלץ — וויל איך ניט. גיט זי מיר מיט האָניק — וויל איך אויך ניט. און איך וויל זי זאָל מיר געבן אַ הויפן מאָן מיט אַ ציגעלע צוקער. וועל איך אויפקלאַפּן אין שטויסל, וועל צופירן מיט וואַסער און אָנבראָקן אַהין ברויט, וועט זיין וואַרעניקעס.

די מאַמע האָט מיר פריער ניט געוואָלט געבן אַזוי פיל מאָן. זי זאָגט, אַז מ׳טאָר אַ קינד אַזוי ניט נאָכגעבן דעם האַלז. אָבער אַז ס׳געקומען אַ איד, וואָס מ׳רופט אים באַ אונז שמערל דער לאַנגער מיטן פאַרדרייטן קאָלטן (אינ־גאַנצן איז ער געווען אַ אָפּגעשאָטער מיט שניי) און האָט גערופן דעם טאַטן מיט דער מאַמען זיי זאָלן גיין צו אים קויפן געפרוירענע פעל, האָט שוין די מאַמע מיר אָפּגעגעבן דעם מאָן מיטן צוקער (דאָס שטויסל האָב איך אַליין

אראָפּגענומען) און די מאַמע האָט אָנגעטאָן איר קעצענעם בורנעס, דער טאַטע — זיין לייב־פּיטער; איז רעב שמערל מיטן פאַרדרייטן קאָלטן, אַוועק אַפּריער, זיי — נאָך אים, און לאַנאַ איז נאָך אַלץ ניט געקומען.

דער מאָן איז פעטער, אַז מ׳קלאַפּט אים אויף. דין ווערט ער, שוואַרץ אַזוי ווי שוואַרצע ערד און קלעפּט זיך אין הרודקעלער. און אַז מ׳צעפּירט אים מיט צוקער און מיט וואַסער, ווערט דאָס וואַסער צוריק ווייס אַזוי ווי מילך.

איך האָב אַ קוק געטאָן אין פענסטער, טאָמער גייט שוין לאַנאַ, איז זי נאָך ניטאָ. און דער שניי שיט אַלץ.

פּאָר יעסיפּס שטוב האָבן זיך אָנגעמויערט גאַנצע בערג מיט קיילעכיקע גרויסע דענקעס אַזוי ווי באַ היטלען. אין פענסטער זע איך, אַז די בעהיימעס יעסיפּס ווילן ניט גיין צום ברונעם. האַנאַ טרייבט זיי מיט אַ שטעקן, דרייען זיי מיט די קעפּ און זיי קריכן ביזן בויך אין שניי אַריין.

מיר האָט זיך עפּעס ניט געגליסט עסן מיין מאָן. און ס׳מיר געווען קאַלט צו זיצן איינער אַליין אין שטוב, האָב איך גענומען און בין אַרויפגעקראָכן צו אונז אַפן אויוון.

אַפן אויוון זיינען דאָ זייער אַסאַך שפּענצלעך גלייכע, האָב איך זיך געשפּילט אין ברונעמס און אין שטאַלן. איך האָב אויסגעבויט אַסאַך שטאַלן מיט אַסאַך ברונעמעס. דערנאָך בין איך אַנשלאָפן געוואָרן אַפן אויוון, און לאַנאַ איז נאָך אַלץ ניט געקומען.

דערנאָכדעם האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז איך בין אַראָפּגעפאַלן פון אונזער קליינעם סוקעלע אַף דער ערד. איך האָב זיך זייער דערשראָקן, נאָר צום סאָף האָב איך זיך גאָרניט אָנגעשלאָגן. דערנאָך האָבן מיך דער טאַטע

מיט דער מאַמע אויפגעוועקט און זיי פרעגן מיך וואו איז לאַנאַ.

— לאַנאַ, — זאָג איך צו דער מאַמע, — איך ווייס ניט וואו זי איז. זי איז, דאכט זיך, אַוועק צום מילנער נאָך מילך.

האָט די מאַמע פאַרבראָכן די הענט, האָט זיך אַ קרום געטאָן און איז אַוועקגעלאָפן צום טיר.

— זי גייט, — זאָגט זי, — שוין אין מיל אַריין.

האָב איך אָנגעטאָן אין דערגיך מיינע שטיוול מיט דער פאַלטאָ און בין אַוועקגעלאָפן נאָך דער מאַמע.

דער טאַטע האָט דערזען, אַז מיר זיינען ביידע אַוועק, האָט ער אויך אַוועקגעוואָרפן זיין ביסן פון האַנט, האָט פאַרלייגט אָפן טיר די קליאַמקע און איז אַוועק נאָך אונז. און מיר גייען אַלע אין מיל אַריין. דער ווינט האָט געשאָטן דעם שניי גלייך אונז אין פּאָנים אַריין און אינדרויסן איז געווען אַזוי ווייס און אַזוי ראַב. אַז מ׳האָט ניט געקענט האַלטן אָפן די אויגן.

אַז מיר זיינען אַריינגעקראָכן אין ערשטן גאָרטן, איז דאָרט קיין סטעזשקע ניטאָ, גייען מיר ביז די קני אין שניי און אַלע רעגע שטעלן מיר זיך אָפּ, און מיר קוקן, ווי אַזוי זאָלן מיר דורכגיין די אָנגעשאָטענע בערג מיט שניי.

מיר איז געווען דער שניי ביזן בויך, האָט דער טאַטע מיך גענומען אַף די פּלייצעס און האָט געשריגן אַף מיר, וואָס איך פּלאָנטער זיך אומעטום פאַר די פיס. און אַז מיר, זיינען געקומען אין מיל, האָט די מילנערן געבאַקן לאַט־קעס און דער מילנער מיט די זין זיינען געזעסן און האָבן געגעסן.

די נ״ ערן האָט אונז דערזען, האָט זי אונז אָנגעקוקט, און זי ׳אָגט, אַז לאַנאַ איז בּאַ איר געווען נאָך ווייס־ איך ־ ווען און זי האָט איר אָנגעגאָסן אַ קוואָרט מיט מילך.

און דערנאָך זאָגט זי, די מילנערן:

— איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס. איך ווייס טאַקע ניט, ווי אַזוי שיקט מען עס אַ קינד בּאַ אַזאַ מעטעליצע אין עק וועלט אַריין. אַז די מאַמע האָט דאָס דערהערט, איז זי געוואָרן זייער בּלייך און האָט איר גאָרניט געענט־ פערט.

דער טאַטע איז אויך געוואָרן בּלייך, האָט ער אָנגע־ רוקט דאָס היטל איבּער די אויערן, אים האָבּן זיך, דאכט זיך, געשטעלט טרערן אין האַלז און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמע:

— ריסל, לאָמיר־דאַ ניט שטיין. מ׳דאַרף גיכער גיין ראַטעווען אַ נעפעש.

איך האָבּ דערהערט דעם טאַטנס קאָל, האָבּ איך גע־ מאַכט אַ געוויין און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

— מאַמע, גיכער, — האָבּ איך גענומען זי שלעפּן פאַר דער שאַל, — גיכער.

דער טאַטע האָט אַ כאַפּ געטאָן בּאַ דער מילנערקע אין הויז אַ לאָפּעטע און איז אַוועקגעלאָפן אַפריער.

דער מילנער אַף אונז קוקנדיק האָט אַ שמיץ געטאָן די הייסע לאָטקע און האָט אויך געמאַכט אַ גוואַלד:

— אידן, — שרייט ער, — קומט ראַטעווען אַ נעפעש!

דער מילנער האָט אַוועקגעשיקט די זין איבּערן שליאַך, האָבּן זיי אָנגעטריבּן אַסאַך מענטשן מיט לאַנגע שמוי־סענע

טולעפּער און מיט לאָפּעטעס און אַלע שרייען איינער צום אַנדערן:

— אידן, שטייט ניט, אידן, לאָמיר גיין ראַטעווען אַ נעפּעש!

און דער מילנער האָט נאָך אַראָפּגענומען בּיידע הינט פון די קייטן און איז אָנגעקומען צו אונז אָפּן גאָרטן. מיר גייען אום מיט די לאָפּעטעס און ווייסן ניט וואו צו אָנהייבּן פריער שאַרן.

די ביוועקעס זיינען אומעטום פאַרשאָטן מיט בּערג שניי. וואו מ׳גיט אַ קוק מיטן אויג, איז אומעטום זייער ווייס און איך וויל ניט גלויבּן, אַז לאַנאַ האָט זיך ערגעץ אַנידער־געזעצט אין שניי און זיצט. וואָס ווערט זי עפּעס זיצן אין שניי?..

דער שניי קערט זיך, די מאַמע וויינט און די מילנערקע בּרעכט די הענט און די אידן מיט די לאַנגע פּאָלעס שרייען און זיי פרעגן:

— עפּעס אַ גרויס מיידעלע?

— וועמעס איז מיידעלע? האַ?

— וויפל איז זי אַלט?

— אַי, אַי, אַי.

און זיי וואַרפן מיט די לאָפּעטעס דעם שניי, דער מילנער מיט זיינע גרויסע שטיוול לויפט אום מיט די הינט און זיי שאַרן און שמעקן נאָר. האַווקען ווילן זיי ניט, זיי ריידן נאָר אינעווייניק אין זיך.

בּאַ מיר זיינען זייער דערפרוירן געוואָרן די הענט מיט די פיס און די אידן שלעפּן די לאַנגע פּאָלעס פון שניי און שאַרן ווייטער.

דער מילנער זאָגט צו מיין טאַטן:

— פאָלגט מיך, איד, — זאָגט ער, — איך זאָג אייך, אַז זי איז אַראָפּ פון דער סטעזשקע. זי קער ליגן ערגעץ אין כוואָסע א פאַרשאָטענע מ׳ט שניי.

דערמאָן איך זיך, אַז זומער איז טאַקע דאָ באַם זייט, לעם די פלויטן, פאַראַן אַ גרויסע כוואָסע, און איצט איז ניטאָ קיין כוואָסע. ס׳זיינען נאָר דאָ בערג.

די אידן יאַדען די מאַמע און זיי פרעגן זי אויס:

— זי האָט כאָטשע געהאַט באַ דיר שטיוועלעך, האָט זי כאָטש געהאַט?

— דו האָסט איר כאָטשע אויפגעגנייט אַ בורנעסל, האָסטו איר אויפגעגנייט?

די מאַמע שעמט זיך זייער פאַר די אידן, וויינט זי, און די מילנערקע ברעכט מיט די הענט.

— איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס, — זאָגט זי, די מיל־נערקע, — ווער וואָלט זיך טאַקע ריכטן אַף אַזאַ גוט הארץ (דאָס מיינט זי מיין מאַמע), אַז זי זאָל שיקן אַ קינד אין עק וועלט אַ נאַקעטע און באָרוועסע.

— אַ שלאַק האָט מיך אַ גרויסער איינגעשלאָגן — זאָגט שוין די מאַמע, — זי איז ניט געגאַנגען קיין באָרוועסע, זי איז געגאַנגען אין מיין מאַנס שטיווילעטן. אַ צאָרן האָט מיך געטראָפן, — זאָגט ווייטער די מאַמע, — ס׳נייען זיך דאָך איר שטיוועלעך באַ הערשלען דעם געלן, שטיוועלעך שיינע, אַזוי ווי גאָלד.

דערווייל האָבן דעם מילנערס הינט גענומען בילן לעם סאַמע פלויט אַנקעגן וואָסקאָבאָינע. האָבן די זין דעם מילנערס זיך אַ וואָרף געטאָן אַהין שאַרן און די אידן

האָבן אַלע גײנומען לויפן אַהינצו. מ׳לויפט און מען פאַלט, מ׳לויפט און מען פאַלט. דערװײל האָט דער טאַטע אויס־געשאַרט אַ שקראָבאַטש אַ אײנגעקאַטשעטן אין שני, קוקט ער אַף אים און קוקט און דערקענט, אַז ס׳טאַקע זײנער אַנ׳אַלטער שטיװיליעט. האָבן שוין די אידן אַװעקגעװאָרפן די לאָפּעטעס און געכומען שאַרן מיט די הענט.

— ס׳זי, ס׳זי! — שרײט דער מילנער. און די אידן פרעגן נאָך:

— טאַקע? װײזט נאָר אַ קוק טאָן!

דער מילנער האָט אַרויסגעכאַפּט לאַנען (אַ טויטע) צו זיך אַף די הענט; מיט אײן שטיװיליעט איז זי געגאַנגען, דאָס קריגל מיטן מילך האָט זיך אַראָפּגעגליטשט אין שני אַרײן.

און מען איז אַװעק.

ער לויפט מיט לאַנען צו אונז אַ הײם און אַלע אידן לויפן אים נאָך מיט די לאָפּעטעס.

— אין שטוב ניט! אין שטוב ניט! — שרײען די אידן. — אַף דער קעלט דאַרף מען, און מ׳האָט אויסגעטאָן פון לאַנען אַלע זאַכן, מ׳האָט זי אַנידערגעלײגט אין הױז אַפן טיש און זי גענומען רײבן מיט שני.

די גאַנצע שטאָט האָט זיך אָנגעלאָפן צו אונז אין שטוב אַרײן. הערשל דער גלעזער איז אומיסטן געקומען צולויפן מיט לאַנעס נײע צװײ שטיװיליעטיקלעך, װאָס זײנען שוין בײדע פאַרטיק און אַפילע אויסגעשמירט מיט דזשעגעכטס. און די טירן זײנען באַ אונז אָפן אַזוי װי אין אַ שטאַל. אַלע שטופּן זיך און קוקן אַף לאַנען װי אַזוי מ׳האַלט זי אַ נאַ־קעטע אין אַזאַ קעלט און מ׳רײבט זי מיט שני. אַסאַך

ווייבער פאַרען זיך דאָרטן און דער מילנער סטאַרעט זיך מער פון איטלעכן.

— נאָך שנײ! — שרײען די ווייבער.

און דער מילנער שרײט:

— נאָך שנײ גיט אַהער! גאַזלאָנים, וואָס שטייט איר?!

— זי דערוואַרעמט זיך, — שרײען די ווייבער. און דער מילנער שרײט:

— ווי דען האָט איר געמיינט.

— ס׳זיינען שוין באַ איר לעבעדיקע הענט — שרײען די ווייבער, — גיט נאָך שנײ.

און דער מילנער שרײט:

— ווייבער, רעדט ווינציקער, דערלאַנגט אַהער שנײ!!!

מײַן טאַטע שלעפּט מיט אַ עמער שנײ און די מאַמע שטייט מיט אַלעמען און מונטערט לאַנען.

— מ׳לייגט צו אַביסל אַ האַנט, — שרײט דער מילנער, — אָט אַזוי.

— ס׳לעבעדיקע בלוט, — שרײען די ווייבער, — זי זאָל שוין טאַקע מער פון קיין שלעכטס ניט וויסן. זי איז שוין אינגאַנצן אַ לעבעדיקע, זי זאָל שוין נאָר עפענען די אויגן.

האָבן זיך אַלע, די גאַנצע שטאָט, אַ שפּאַר געטאָן צום טיש, אַ קוק טאָן ווי אַזוי לאַנאַ וועט באַלד עפענען די אויגן. איך האָב אויך געוואָלט זען, האָט מען מיך צוגע־שטופּט צום סאַמע וואַנט, אַז איך זאָל ניט קענען אַרויס. האָב איך געמאַכט זייער אַ גרויסן געוויין, פּלוצים האָט לאַנאַ זיך אַ דריי געטאָן אַן זיך אנידערזעצן. און זי זאָגט:

— וואו ווײנט ער עס, פּערטשאָ??? און זי האָט צוריק פאַרמאַכט די אויגן. האָבן זיך אַלע זייער דערפרייט.

— פון טויט לעבן געבליבן — שרייען זיי. און דער מילנער האָט צענומען זיינע לאַנגע הענט און אָפּגעשטופּט אַלע אידן אַף צוריק — גענוג אייך גראַגערן דאָ, — זאָגט ער. און ער האָט אויסגעטאָן זיין פעלץ און אַריינגענומען לאַנעץ אין פעלץ אַריין און איז אַוועק מיט איר אין שטוּב.

— ריסל! — האָט דער מילנער אויסגעשריען צו מיין מאַמע פאַרן אַוועקגאַנג. — גאָר אַ קוגל זאָלט איר מאַכן היינטיקן שאַבּעס, אז ס'זאָל טרישטשען.

— אַוואַדע וועלן מיר אַנידערשטעלן, אַוואַדע: — האָט די מאַמע באַדאַנקט די אידן.

און אפדערנאַכט איז לאַנאַ געליגן אין דער מאַמעס בעט אַזוי ווי אַ פריצטע. מיר האָבן צוגערוקט דעם טיש נעענטער און געגעסן לעם איר וועטשערע, און זי האָט אונז דערציילט, אַז ביסכאַקל האָט איר אַפילע גאָרניט ווי געטאָן.

— איר מיינט, — זאָגט זי, — ס'האָט מיר עפּעס וויי געטאָן? ס'האָט מיר גאָרניט ווי געטאָן. איך האָב געהאַלטן דאָס קריגעלע שטאַרק, איך זאָל ניט צעגיסן די מילך... ניין, — זאָגט זי, — פריער האָב איך אריינגעלאָזן אין שניי דעם באַלעבאָס שטיווילעט און דערנאָך האָב [illegible] יך אַריינגערוקט אין כוואָסטע אַריין... ניין, ניין ס' [illegible] — זאָגט זי שוין ווייטער — פריער איז מיר געווען זייער [illegible]לט און איך האָב ניט געזען איבערן ווינט די וועלט. ס'זיינען מיר זייער פאַרגאַנגען שפּאָרעס אין די הענט און אין די פיס, האָב איך געוויינט. דערנאָך בין איך פאַרקראָכן זייער טיף אין שניי און ניט געקענט אַרויסשלעפּן דעם באַלעבאָס שטיוועלעט, האָב איך זיך צוגעזעצט און בין אַביסעלע געזעסן. דערנאָך איז מיר געוואָרן גרינגער.

ס'האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אַז נינאַ דעם גאַלעכס שפּילט זיך מיט מיר. און ס'שטעכט מיר אין די פיס און אין די זייטן, און מיינע שוועסטער יענטע מיט כאַשקען זיינען געקומען צו אונז אַהיים אַף כאַנעקע, ס'הייצט זיך באַ אונז אין אויוון, און ס'ברענען דעם גאַלעכס לאָמפּן אַזוי ליכ־טיק, אַז ס'אַ מעכאַיע...

און אַז לאַנע איז געזונט געוואָרן, האָט איר שוין די מאַמע ניט געשיקט קיין ווייטע גאַנגן. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי איז שוין אונזער מיידעלע. איך זאָל זי אויס־לערנען שרייבן, וועט לאַנאַ גיין מיט מיר איבעראַיאָר אין „שקאָלע". פלעג זי שוין נאָר טאָן אין שטוב אַלצדינג און איך פלעג איר קויפן אַלע מאָל פאַר מיין געלט אַליוואַר *) און זי לערנען שרייבן.

איינמאָל, אַז איך בין געקומען פון שולע, ווייזט מיר לאַנאַ, אַז זי האָט שוין אַליין פאַרשריבן אַ גאַנצע פערטל פּאַפּיר. לאַנאַ האָט געוואָלט איך זאָל איבערלייענען אין דער הויך יעדער וואָרט, וועט זי הערן. האָב איך געלייענט.

| | |
|---|---|
| ווי אַזוי דער זומער מיטן | מאַכט דער זומער צוריק |
| ווינטער האָבן זיך געקריגט | צום ווינטער: ווינטער ווינ־ |
| צווישן זיך זאָגט דער ווינ־ | טער וואָס טוסטו מאַכן |
| טער צום זומער זומער־ | אַזעלכע קעלטן די יאָרימע |
| זומער וואָס טוסטו מאַכן | לייט וועלן דיר דיינע ביי־ |
| אַזעלכע היצן די יאָרימע־ | נער פאַרשעלטן |
| לייט וועלן דיר דיינע ביי־ | און אַן עק. |
| נער פאַרשמיצן | |

*) כאַלוואַ.

# פון באָדאַנעס פאַפּירלעך

ווער ס'קען מיך אָט אָ דאָ אין דער גרויסער שטאָט ווייסט (און באַזונדערס מיינע פּאַציענטן אַלע ווייסן עס), אַז איך בין אַ פאַרנומענער מענטש. דאָך סטאַיעט באַ מיר צייט אַלע טאָג נאָך דער שטעלע און נאָך די וויזיטן, וואָס איך מאַך צו שלאָפּע אַהיים, פאַרגיין צו איינער ניט קיין גרויסער מיידל, אַ קאָמיוגאָווקע איז זי, און אַבי איך טרעף זי נאָר אין שטוב, זיץ איך באַ איר זייער גערן אָפּ אַ שאָ און צוויי.

אין שטוב באַ מיר ווייסט מען אויך פון דעם און מען זאָגט מיר גאָרניט, ווייל באָדאַנע (אַזוי הייסט זי דאָס מיידל) איז מיט מיר פון איין שטעטל. און אַז איר ווילט וויסן, קינדער, איז זי נאָך דערצו מיינע אַ שוועסטער אויך. און דאָרט אין שטעטל, וואָס מיר האָבן פאַרלאָזט, איז דאָ אַ אידענקע איינע אַזאַ, אַ טייערע און אַ ליבע, וואָס בענקט נאָך אונז קעסיידער. אָט די אידענקע איז אונזער ביידנס מאַמע.

אין שטוב בין איך דאָרטן געווען פון די ברודער דער עלטסטער און באָדאַנע איז איצט פון אונזערע שוועסטער די אינגסטע. צו מיר קומט זי, באָדאַנע, זעלטן, זי זאָגט, אַז זי איז פאַרנומען. פאַרל[illegible] איך מיין קאָוועד אונטערן באַנק און גיי שוין צו איר. און סכאַר האָב איך גרויסן דערפאַר. אַ מאָל טרעף איך אָפן טיש באַ איר פון יענער ליבער

אידענע, טאָקע פון אונזער מאַמע, הייסט עס, אַ אָנגעקאָר־ פעטן אידישן בריוועלע. אַמאָל אַ רעטשענעם קיכל, אויך פון יענע מעקוימעס צוגעשיקט. און דערצו טרעף איך נאָך אָן אַמאָל אַ שאַ, ווען בּאַ איר, בּאַ בּאַדאַנען אונזערער, זיינען דאָ אירע כאַוויירים אין שטוב, אירע כאַוויירים און כאַ־ ווערטעס לייגט זי אַמאָל אַרויף די הענט אַפן אָפענעם ביכל אָף אירן אָדער אַף דעם העפט, וואָס זי האַלט, און זי דער־ ציילט זאַכן, וואָס זי דערמאָנט זיך פון שטעטל.

מיר דאַכט זיך, אַז איך וואָלט דעם בעסטן בוך אַוועק־ געלייגט און זיי געהערט. איבּערגעבּן זיי אַף אויסנווייניק איז פאַר מיר ניט פון די גרינגע זאַכן, נאָר אַנומאָלטן האָב איך זיך געגראַבּן בּאַ איר אין שופלאָדל און האָב בּישטיקע צוגעשלעפט אַ פּאָר פּאַפּירלעך, פאַרצייכנטע מיט איר האַנטעשריפט, איז וואָס דאָרט איז געווען געשריבּן, גיב איך אייך איבער מיט איר לאָשן:

I

# ווי אַזוי מיר איז געווען שרעקלעך די גרויסע שטאָט פונדערווייטנס.

... אַסאַך זאַכן קערן נאָך מיר בּענקען און קערן כאַ־ ראָטע האָבּן, וואָס איך בּין אַוועקגעפאָרן פון דער היים. נאָר, אַז מע וויל זאָגן, בּענק איך אָפּטמאָל עפשער מער פון זיי. לאַנג וועט מיר שטיין פאַר די אויגן מיין אוועק־ ־פאָר פון דער היים און אַפילע בּעאיס איך בּין שוין געזעסן אַנן פור. שוין עפשער אַכט ווערסט אָפּגעפאָרן פון שטעטל, זיך איך אַזוי אַפן וואָגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַרום מיר

זיצן נאָך פאַרשוינען און רעדן עפּעס צווישן זיך אין איך הער גאָרניט, איך קלער נאָר אַזוי ווי דורכן שלאָף, אַז ערשט נעכטן פאַרנאַכט און אַפילו באַנאַכט איז נאָך אַלץ געווען אַזוי ווי אַלע טאָג, און איצט איז מיר שוין אַזוי מאָדנע: דער באַלעגאָלע קריגט זיך מיט די פערד, די פור טראַסקעט, דער שטויב פליט אין פּאָנעם אַריין און אונטער דער „סידעניע" באַ מיינע סאַמע פיס ליגן אין אַ פּעקעלע מיינע העמדער און מיין בונדעלע און ס'מיר אַזוי סטראַשנע, וואָס איך ווייס ניט וואו איך פאָר.

אַזוי בין איך, דאַכט זיך, נישקאָשע פון אַ פּיאָנערקע, אָבער, וואָס וועל איך טאָן אין אַ שטאָט, וואו קיינער קען מיך ניט. מ'וועט מיר דאָרט אַלע נאָכלויפן אַזוי ווי נאָך אַ ווילדער.

אין שטאָט, האָב איך געוואוסט, פאַרמאָג איך ערגעץ אַ ברודער מיט אַ שוועגערן. און אין שטאָט וועל איך אנקומען אין אַ פראָפשול און זיך לערנען. איז טאַקע אַלצ־דינג גוט, אבער נעכטן פאַרנאַכט איז געקומען דאָס בעהיי־מעלע פון פאַשע (איך בענק שוין טאַקע אַזוי נאָך אונזער בעהיימעלע), אַ קלייבינקע איז זי. מיר דאַכט זיך, אַז אַפילו איך קען זי נעמען אַף די פּלייצעס און זי אַוועקטראָגן וואוהין איך וויל. אַזאַ רויטענקע איז זי, מיט בלויע פרישע הערנערלעך. און אַפן פּאָנים, אַרום מויל און אַרום די אויגן, קומט זי אויס עפּעס טונקעלער, אַ סימען, אַז זי איז אַ קלוגע און פאַרשטייט אַלע זאַכן.

ס'איז מיר דענסטמאָל געוואָרן סטראַשנע מיין אַוועק־פאָר, אַז איך האָב פלוצים דערזען זאַכן אַף וועלכע איך האָב זיך קיינמאָל ניט אַרומגעקוקט. איך האָב דערזען, אַז

אפן קעסטעלע, וואָס נוצט אונז פאַר אַ בענקעלע אַף מעלקן די בעהיימע איז דאָרט אַרויסגעפאלן אַ סוטשאָק אַזוי ווי אַ גרעשעלע אין דער גרויס. און אין קיך, וואו א׳יך האָב איבערגעזייט די מילך, איז דער קוימען געווען שטאַרק אַ פאַרויכערטער, ווייזט אויס, אַז איך האָב ווינציק אין זינען געהאַט העלפן עפּעס דער מאַמע אין שטוב... איך האָב געכאַפּט אין מיטן פאַרנאַכט העגדום-פּענדום און האָב זיך אַנידערגעשטעלט און אַרומגעשמירט דעם אויוון, האָב געבראַכט פון ברונעם אַ פּאָר מאָל וואַסער און אויפ־געראַמט די קיך, אַז ס׳געוואָרן אַן עמעסער פּאַלעץ. פּאַר אַ פּיאָנערקע איז דאַווקע ניט שיין זי זאָל ווײנען, אָבער, וואָס טוט מען, אַז איך פּאָר דאָך שוין אַוועק אַזוי ווייט. איך ווייס ניט וואָס זײנען דאָרטן אין שטאָט פאַר א מענטשן און וואָס וועל איך מיט זיי דאָרטן ריידן.

איך האָב זיך שוין מיטן רינג איינמאָל געזעגנט, און אין אָוונט, האָבן זיי געזאָגט, דאַרפן זיי קומען נאָך אַמאָל... די קינדער פון אונזער מומע מיט די שכיינים זײנען מיר אַלע מעקאַנע, וואָס איך וועל פאָרן מיט דער באַן און וואָס איך וועל זען אַ גרויסע שטאָט. צוריק מיט איין וואָך האָב איך זיך אַליין מעקאַנע געווען אַף אַזעלכס, אָבער איצט קומען באַ מיר אויס די קינדער אַזעלכע נאַרישע, אַז מיר גלוסט זיך אַזש ווײנען.

און ווייט ווייט ערגעץ אין דער טיף פון אַלע מיינע געדאַנקען גאַנוועט זיך אַריין איינס אַ געדאַנקעלע, אַז ס׳איז אַ ליגן די גאַנצע מאַיסע. איך פּאָר ניט אינערגעץ, איך וועל זיין אַ גוטע פּיאָנערקע ווי געווען און וועל זיך לערנען אין דער היים. איך וועל זיין געזונט. אין די קליינע

שטעטלעך איז מען געזונט. און איך וויל העלפן דער מאַמע אַלדאָסדינג אין שטוב.

מיינע זאַכן זיינען אָבער שוין געווען אופגעפּאַקעוועט. דאָס בעהיימעלע, בעאייס איך האָב זי געמאָלקן, האָט ווייזט אויס פאַרשטאַנען, אַז די זאַכן זיינען שוין אופגעפּאַקעוועט, האָט זי אַלע מאָל אָנגענומען אַ מויל מיט פּו־לע, האָט אויסגעדוט דעם קאָפּ צו מיר. פון די הערעלעך אַרום מאָרדע האָבן זיך באַ איר געזייט אַרום און אַרום רינווע־לעך אַזוי ווי פון אַ זייער און זי קוקט אַף מיר אַזוי ווי אַ לעבעדיקער מענטש.

מיינע זאַכן זיינען שוין געווען אופגעפּאַקעוועט און מיין ברודער דער קלענערער איז אומגעגאַנגען באַשטעלן פון מיינעטוועגן אַן אָרט באַם באַלעגאָלע אַף דער פור.

אין אָוונט זיינען ווייטער געקומען צו מיר די פּיאָנערן פון רינג. האָבן זיי אַף מיר גלייך ־דערקענט, אַז איך בין אומעטיק. וואָרום וואָס איז דאָ דער געלעכטער, אַז אינ־דערפרי קומט אָן די פור, פאָר איך שוין אַוועק. און ווייס אַפילע ניט ווען איך וועל שוין דאָ זיין צוריק.

אַז די פור האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ ברונעם אין אַ דאָרף פּויען די פערד, האָב איך געעפנט די אויגן.

— דו ביסט געשלאָפן? — פרעגט מיך דער באַלעגאָלע.

זאָג איך אים, אַז־מהם. — אָבער איך האָב סאַיווי ניט געקענט האַלטן אָפן די אויגן. ס׳האָט זיך מיר געדרייט דער קאָפּ און איך האָב זיך געוואָלט דערמאַנען איין זאַך. איך האָב זיך געוואָלט דערמאַנען, אַז די מאַמע האָט מיט מיר נעכטן אַ גאַנצן טאָג זייער ווינציק גערעדט, זי האָט ניט געוואָלט איך זאָל אַוועקפאָרן. און נאָך האָב איך זיך דער־

מאַנט (אינדעדפרי, אַז דער באַלעגאָלע האָט געטריבן איך זאָל זיך גיכער אויסקלייבן, האָב איך קיין צייט ניט געהאַט פון דעם צו קלערן און איצט האָב איך זיך דערמאַנט), אַז באַנאַכט בעשאַס איך בין געשלאָפן, דערהער איך פּלוצים, ווי עמעצער שטייט לעם מיר און גלעט מיך באַם קאָפּ. לאַנג, לאַנג גלעט מיך עמעצער באַם קאָפּ. — איך טו אַן עפן די אויגן איז דאַכט זיך ניטאָ קיינער. פיר איך ווייטער אויף די אויגן, קושט מען מיך ווייטער עמעצער און מע בויגט זיך איבער מיר, טו איך זיך אַ ריר, גייט מען אַוועק און ווי איך פיר אויף די אויגן איז מען ווייטער לעבן מיר. אַז איך האָב זיך גוט אויפגעכאַפּט און זיך אויפגעזעצט אַפן בעט, האָב איך דערזען אין די פּלייצעס די מאַמע ווי אַזוי זי גייט אינדערגיך אַוועק מיטן לעמפּעלע אין האַנט צו זיך אין אַלקער אַריין.

דער וואָגן האָט אַ טראַסקע געטאָן אין אַ שטיין, האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן אַזוי ווי פון דרימל. האָט דער באַלעגאָלע אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיר און זיך אָנגע-רופן אַ פריילעכער.

— באָדאַנאַ, דו שלאָפסט? שלאָף, שלאָף, אָנאָ פייפט שוין פון ווייטנס דער „פויעזד.“

און די רעדער האָבן גענומען טראַסקען אַפן איסקאַ-רעסטער שאָסיי...

II

## אין וואַלד

### קירילקאַ איז געשטאָרבן.

איך גיי איינמאָל אַזוי פון צאַטשענער „זאַהאַן"... צאַטשען איז אַ דאָרף — וואָסערע דריי ווערסט פון אונז. און איך האָב געהאַט אַ „נאַגרוזקע" אָרגאַניזירן די פויערישע קינדער, און די מאַמע וויל ניט ליידן, דער טאַטע וויל ניט הערן „איך זאָל גיין מיט גויאים לערנען טוירע".

— אַז זיי ווילן גאָרניט זיין, — זאָגט ער, — קיין קאָמוניסטן!.. און אויב זיי וועלן אַפילע יאָ אַזעלכס פאַרלאַנגען, וועט זיי גאָט צושיקן אַ רעבן כּין ערגעץ אַנדערש!

און אין צאַטשען האָבן מיך די קינדער ליב געהאַט דאָס כּאַיעס.

— געדענק! — סטראַשען זיי מיך, די לייט מיינע, — אַ באַנדיט וועט דיך כאַפּן, וועט ער דיר אַראָפּדרייען דעם קאָפּ מיטן האַלדז אינאיינעם... זיי האָבן שטאַרק ניט ליב, די באַנדיטן, אַזעלכע מאַיסעס.

און איך גיי זיך אַזוי פאַרנאַכט פון דאָרף. די פּאַסטעכלעך האָבן מיך געבעטן, אַז קומענדיקן מאָל זאָל איך זיי ברענגען וואָס מער פּאַפּיר.

— און שוועבעלעך אויך, — האָט קאַליסטראַט אונטערגעכאַפּט.

— גוט! — ענטפער איך. און איך בין צופרידן, וואָס אַפן שמועס זיינען געווען 19 כעווערלייט. יענק מאָל זיינען געווען נאָר 15.

איך בין אַרויס שוין פֿון גדויסן טויער אַף די פֿעלדער אַרויס. אינדרויסן טונקלט זיך שוין און איך קלער, אַז ס'וואָלט ניט געשאַדט איך זאָל אין איינוועגס זיך נאָך אויס־באָדן אין הירשקעס מיל, און אַהיים, אַז איך וועל קומען וועט שוין זיין די בעהיימע צוגעזען, און דער אוילעם וועט אַף מיר קוקן קרום. אַן־אַנדערש מאָל מיינען זיי, אַז איך דריי זיך אומיסטן אַרויס פֿון דער אַרבעט אין שטוב... און צי איך האָב זיך פֿאַרקלערט און פֿאַרטראַכט אַזוי, צי וואָס, נאָר איך פֿיל, אַז עמעצער האָט מיר אַזוי ווי אונטער־געשפּרייט אַן אַנדער וועג אונטער מיינע פֿיס. איך גיי און גיי, די בוימעלעך זיינען מיר די־און־ניט־די, די בער־געלעך פֿון ווייטן — די־און־ניט־די. איך גיי שוין גיכער. די נאַכט פֿאַלט צו און איך קום פּלוצים אַרויף אַף אַ וועלדל. אַזוי אומגעריכט און איך צעבוטשקע זיך מיט אַ אומבאַ־קאַנטן וואַלד. צאָטשען, ווייס איך, האָט לעבן זיך אַ וואַלד, אָבער דער וואַלד איז בײַ אים ניט פֿון פֿאָרנט צו אונזער היים צו, נאָר פֿון אינטן אַהין צו די כוטאָרעס. טו איך זיך אַ וואָרף צוריק קיין צאָטשען — זעט מען שוין ניט אַרויס קיין דאָרף, וואָרום ווי קומט אַהער דאָס דאָרף, אַז איך גיי שוין עפּשער די אָנדערהאַלבן שאָ. פֿונדעסטוועגן, גיי איך צוריק. איך גיי און גיי, ערשט ס'צעגייען זיך צוויי וועגן. ס'זיינען דען פֿריער אויך געווען דאָ צוויי וועגן? (איך מיין, אַהער צו גייענדיק?) און ביידע זיינען זיי אַלציינע, און פּונקט צונאַכט־צו דאַרף זיך עס מיט מי... זפן. און ביידע וועגן, ניט געקוקט, וואָס זיי ליגן אונטע־נ... פֿיס, האָבן זיי עפּעס אַ צעלאָכעסדיקן אויסזען. מ'ליגט און נ... ש...ייגט. מ'שווייגט אַ...י ווי מען וואָלט זיך אָנגערערט צווישן זיך.

מיר פלעג זיך דערמאָנען ווען כ'בין נאָך אַ קליינע, אָבער לאָמיך נאָר אַ טויפּעט טאָן מיטן פּיס, לאָמיר נאָר אַף דער עמעס באַפּוילן, וועלן באַ מיר שטומע אָנהייבן ריידן און אומעגלעכס וועט ווערן מעגלעך. איך זאָל זיי נאָר אַ פרעג טאָן וואוהין זיי און וואוהין דו? און דאָס איז דאָך ניט מער ווי אַ קליינקייט: ווי ווייט בין איך דען פון דער היים? צום העכסטן צוויי שאָ גאַנג. אָנאָ אַפן טיש שטייען שוין דאָרט קאַרטאָפל אין שיסל און ס'שלאָגט פון זיי אַ פּאַרע. זע איך עס, דאַכט זיך, דאָ. און אין פּיר־הויז דאָרט שמעקט מיט טויאָן — הער איך דאָ דעם רייעך. און די הינער, וואָס זיצן אַפן סידעלאָ, פיל איך זייער וואַרעמקייט...

איך שטיי פאַרן שייד־וועג און ס'שווינדלט מיר דער אָוונט אין די אויגן. מיר הייבן זיך אָן אויסדאַכטן, מיט וועלכע די מאַמע סטראַשעט מיר קעסיידער: זע באַביצעס? — ניין, מייסים? — ניין. און באַנד טן — אָ. די ב... ד טן זיינען געווונטע כעוורע און די מאַמע איז געשרעכן, אַז ס'איז אַ מוירע זיך מיט זיי אָנטרעפן. האַ? וואָס? ציי דען זשע? ניין. ס'איז אַ ליגן. איך קער זיך אויס און גיי צוריק מיטן וועג אַף ווייטער פון צאָטעס, טאָמער וועל געפינען אַ פייער און טאָמער אַ רויך פון אַ קוימען... איך בין צוריק פאַרגאַנגען אין וואַלד. אַף זיך האָב איך גאָרניט געהאַט. באָרוועס און אין אַ ציצן רויט קליידעלע.

— וואַלד, וואַלד, — קלער איך, — וואו זיינען דיינע בערן, וואו זיינען די טיגערס מיט די לעמפּערטן, לאָמיך שוין זיי גיכער אָנקוקן! און וואו זיינען דיינע גאַזלאָנים? ניטאָ קיינעם, אַ וואַלד זיך אַזוי אַ פּראָסטער, און נאָר די טריט

זיינען מאָדנע, ניט אַזוי ווי מ׳גייט אָף די פיס, נאָר אַזוי ווי איך־טרעט עפּעס אָן אַף שפּרוזינעס... נו, פּאַרטיק, קלער איך זיך. וואָס ס׳וועט זיין, וועט זיין, נאָר ווען ס׳ניט אַזוי שטיל. די פיס גייען זיך אַליין, קיין וועג האָב איך זייער איינגעאָגן, ניט אונטער זיך. אינם גראָז צירקען שפּרינגלעך, און אַ סאָווע קיהיקעט ערגעץ און זי מאַכט אַזוי ווי אַ קינד וויינט. כאַפּט עס דער רואַך,— קלער איך,— מ׳דאַרף אָפּזוכן אַ העכער אָרט אַ טרוקנס און צוואַוואַרטן ביז ס׳וועט ווערן טאָג.

וואו ס׳איז אַ ראָסע און וואו ס׳טריקן. אונטער אַ דעמב איז מערסטנס טרוקן. אונטער אַ סאָסנע — ניט אַזוי. קלייב איך זיך אונטער אונטער אַ דעמב.

זאָל די סאָווע קיהיקען, זאָל די לעוואָנע זיך רייצן מיט מיר. איינער מיינט:

— אַהאַ, פּיאָנערקע! אין דער היים לעם דער מאַמעס פאַרטוך ביסטו אַ גאַנצער בעריע.

— נו, בין איך? איז וואָס זשע ווילסטו.

מיד בין איך פון גאַנצן גרויסן זומערדיקן טאָג, קלער איך זיך — זאָל זיין דער וואַלד מיין שטוב — ניט דער גאַנצער וואַלד, נאָר אָט דאָס אָרט, וואו איך זיץ.

בלויז אָט דאָס אָ ווינקעלע. און אויב אַזוי, ווי אין דער היים, טאָ זאָל זיין אַזוי ווי אין דער היים.

— וואָלט טאַקע ניט געשאַדט, — קלער איך מיר, — ס׳זאָל דאָ זיין וואָס צו איבערבייסן: אַ וואַרעמע קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט אָדער וואָס ס׳ניט איז. דערנאָך וואָלט ווייטער ניט געשאַדט, ווען מיר, פּיאָנערן, האַלטן דאָ לאַגער כאָטש באַ איין כוידעש פאַרן גאַנצן זומער...

און ריידן גליסט זיך מיר סאַקאָנעס. ווען ס׳דאָ כאָטש אַ שטומע צינג לעבן מיר. אַ הונט, אַ קאַץ, צי אַ בעהיימע. איך פיל, אַז די ליפּן שאָקלען זיך בײַ מיר פון־זיך. אַזוי וואָלט זיך וועלן ס׳זאָל זיין צו וועמען זיך אָפּרופן. כאָטש מיט אַ האַלבן וואָרט. זאָל זיין אַניאַלטע באַביצע, זאָל זיין אַ באַנדיט. און מיט די געדאַנקען בין איך אַנש־אָפּן געוואָרן.

מיר האָט זיך געכאָלעמט, אַז ס׳איז מיר קאַלט. און ווייטער האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז איך שלאָף ערגעץ אין דער היים אַף אַ האַרטער קאַנאַפּע, די שטוב איז אַזוי ווי אַ שטוב, אַף די ווענט הענגען די בילדער און מ׳האָט בײַ מיר אַראָפּגעריסן עמעצער דעם צודעק. ווען איך טו זיך אַ וואַך־אויף און הייב אויף די קאָלדרע פון דער ערד — פויל איך זיך. איך בין דאָך אַ פוילע זאַך! די מאַמע איז דאָך גערעכט, אַז זי ז[illegible] פון די מיידעלעכס וועגן וועט זי אויסיאָגן אַ וועלט. און איך וועט זיך עס פוילן אַ טרונק־וואַסער צו דערלאַנגען, — וואָרום די מאַמע איז טאַקע גערעכט: דאַכט זיך, וואָס קען שוין זיין גרינגער ווי אַראָפּלאָזן די האַנט פון קאַנאַפּע און אויפהויבן די קאָלדרע... איך שטאַרק זיך און רייס אויף מיט גוואַלד די אויגן. איך זוך, איך גראַבל מיט די פינגער איבערן גראָז און דערקען ניט. וואו קום איך גאָר אַהער, אַף דרויסן, ניט אין קיין שטוב? — בוימער, אַ לעוואָנע און ערגעץ אַ סאָווע... איך ווייס געוויס, אַז יי איז ערגעץ דאָ, כאָטש זי קיהיקעט שוין ניט.

מיין קלענערער ברודער אין דער היים שלאָפט מיט מוישען דער מומעס אין שטאַל אַף די ווישקעס אין היי. און

אַף מיר קער ער מיינען, אַז איך האָב זיך נאָך ניט אומגע־קערט פון די „סבאָרעס"*). גוט, זאָל ער מיינען, און איך האָב זיך איבערגעקערט. האָב אונטערגענומען די פּיס אונטערן קיידעלע. די פּאַסטעכלעך אין צאָנשען ווייסן בעסער פון מיר וואו זיך דאָ אַ קער צו טאָן. איך האָב מיט זיי אָנגעמאָלטן געפירט אַ „שמועס", אַז מ'טאָר ניט האַרגע־נען קיין קליינע פויגעלעך פון די נעסטן, מ'טאָר ניט רייסן די ווייבשל גרינערהייט און מ'טאָר ניט ברעכן קיין צווייגן פון קיין פּרוכטן־בוימער. האָבן זיך אַלטע פויערים אונטער־געדרוקט הערן וואָס איך רעד מיט זיי און ס'איז זיי געפעלן געוואָרן די מאַיסע.

— אַקוראַט, — זאָגן זיי, — דאַרף מען זיי דאָס אָ לערנען.

— דאָס איז אַזוי צוגעטראָפן, — זאָגן די פויערטעס, — וואָס בעסער דאַרף מען גאָר ניט...

עמעצער איז דורכגעפאָרן אַף אַ פערד רייטנדיק, איז מיר פאַרקילט געוואָרן דאָס בלוט אין האַרצן. איך האָב געשוויגן און ניט געקלערט פון גאָרניט עפּשער אַ פערטל שעה. און דערנאָך ערשט האָב איך צו זיך אַליין געהאַט טאַינעס: נו, איז וואָס, קלער איך, אַז מ'איז עמעצער דורכ־געפאָרן אַף אַ פערד און מ'האָט געפייפט?

דערווייל האָט די לעוואָנע גענומען טונקל ווערן. איך האָב אויפגעפירט די אויגן און קלער, אַז נאָמער געפין איך זיך אין אַ בוימער־גאָרטן און היט די פּרוכטן. שלאָפן גליסט זיך, אָבער אַרום און אַרום זיינען בוימער, אַרום

*) פאַרזאָמלונג.

אין ארום זיינען גאנאָווים און שלאָפן גליסט זיך. איך בין א סטאראָזשיכע, מיין מאַן איז אַ סטאראָזש. באַ אונז אין דער היים שפּילט זיך אַ כאַסענע. די כאַסענע איז באַ אונז אונטערן שטאָט. איך לויף און אַנטלויף פון עמעצן מיט צעפלאָכטענע צעפּ. אין דערהיים שפּילט מען, ס׳ברעגען דאָרט לאָמפּן און טוקן זיך פון דער געדיכטעניש. די מעכוטאָנים טאַנצן שיקערע און מיך וויל עמעצער שטעלן שטאַרק בעכאַרפּע. ער וויל מיך אָפּזוכן, און פאַר די צעפּ ברענגען צעשלעפּן אין מיינע וואָכעדיקע קליידער און מיר געבן בעזוינעס פאַר איטלעכן אין די אויגן.

מיין לערערקע פון שול שטעלט זיך עפּעס פאַר מיר איין. אַזוי איז זי יעסיידער אַ האַדינע, נאָר איצט איז זי מיר אַ גוטער פריינט.

פון דער לערערקעס רייד ווערט מיך ווייך דאָס האַרץ אַזש צום וויינען, און פון די קוימענס גייט אַ וואַרעמער רויך פון פרישע ווייצענע בולקעס. און אַזוי ווי איך גיי, איך גיי און גיי, ביז ס׳שפּרייט זיך פאַר מיר אויס אַ ברייטער טייך און איך שטיי פאַר אים. דער טייך איז גאָרניט קיין טיפער, נאָר אַ ברייטער זייער, און פישעלעך שווימען דאָרט און שפּילן זיך. גאַנצע סטאַיעסווייס גאָלדענע פישעלעך, אַזוי נאָענט זיינען זיי, אַז כאָטש בויג זיך אָן און נעם זיי מיט די הענט. דאָס וואַסער איז אין אַנדערע ערטער דין ווי אַ פּאַפּיראָסעלע. און זי ריזלט, שפּילט זייער שיין אַנקעגן דער זון.

איך וואַך מיך אויף, איז אַ וואַרע[illegible]עלע פאַלט צווישן די צווייגן, איך בין אין וואַלד און נ[illegible]ט מיר אַרויס דאָס האַרץ אַזוי וויל איך עסן. און אויפשטיין גליסט זיך גאָר ניט.

איך וואָלט נאָך איין ביסעלע שלאָפן, כאָטש נאָך איין ביסעלע...

איך שטעל זיך מיט נויט אַף די פיס. דאָס ווינטעלע גיט מיך אַ פריש און ס'לויפט מיר דורך איבער אַלע אייוורים. ס'גיט קיין פעלד־ווינטעלע, נאָר אַ וואַלדיש, אַביסל אַ באַהאַלטנס און איך גיי שוין.

אַ דאַיגע וואו איך גיי, אַבי ס'שוין טאָג און אַבי איך גיי.

III

## די באַגעגעניש מיט קירילקען.

און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די מעשה מיט קירילקען.

פון דערווייטנס האָט אַ הונט אַזוי ווי אומעטיק אַ ביל געטאָן. פון דערווייטנס האָב איך דערזען פלויטן און בע־היימעס אַ קושאַרע. און אַז איך בין אָנגעגאַנגען גאָר נאָענט, איז דאָרט אין שטרויענעם ביידל געלעגן עמעצער און האָט שטאַרק געקרעכצט. איך האָב אַ קוק געטאָן נענטער, טאָמער עמעצער פון מיינע צאָטשענער פיאָנערן. האָט מיך דער הונט גענומען אָנקוקן און זיך רוקן צו מיר. ווייס איך ניט וואָס ער וויל, טאָמער איז ער פון די שטלעט הינט און וועט נאָך מיך אַ כאַפּ טאָן פאַר אַ באָרוועסן פוס. וועל איך אים האָבן צוגעדענקען. האָב איך אַ רוף געטאָן אין קורין אַריין.

ערשט פון דאָרטן פויזעט אַרויס, טאַקע מאַמעש אַף אַלע פיר, דאָס פאַסטעכל און איך דערזע פאַר זיך קיריל־קען אונזער שאָכנס אייוואַנס דאָס קלענערע אינגל. ער

דערקענט מיך אויך און נעמט זיך צו מיר בעטן און קרעכטשען:

— אוי, באָדראַנאַטשקאַ מאָיאַ קאָכאַנאַ, — זאָגט ער, — ריאַטוי מענע!..

ער רעדט עפּעס אַזוי ווי אַן אַלטער מענטש, נאָר איך זע, אַז ס'איס געוואָרן ליכטיק אין די אויגן, וואָס ער האָט מיך דערזען.

אַליין איז ער אַ יאָסעם, קירילקע, אָן אַ מוטער. די דריטע שטיב פון אונז, און דער פאָטער האָט אים באַשטעלט אין כוטער פאַר אַ פאַסטעך.

שוין דעם צווייטן זומער, אַז ער אַרבעט בא איין באַלעבאָס.

נו, איז גאָרניט. פאַסעט ער דאָ איינער אַליין אין וואַלד די בעהיימעס און מ'טראָגט אים אונטער פונם באַלעבאָס עסן אין וואַלד אַריין צוויי אָדער דריי מאָל אַ וואָך. איבצטער כוט אים ווי דער בויך שוין דער פערטער טאָג. ס'טרייבט אים, זאָגט ער, לויפט ער אַלע מאָל פאַר־ זיך און ער האָט שוין גאָרניט מיט וואָס צו גיין. אַז דער באַלעבאָס איז נעהטן דורכגעפאָרן מיט דער באָראָנע, דאָ אַרום, און איז אַ אָפּ אַ קוק טאָן צו דער קושערע, איז שוין קירילקע גע־ לעגן אַ שלאָפער.

— וואָס איז? — פרעגט דער באַלעבאָס.

ענטפערט אים קירילקע און שיסט אויס מיט אַ געוויין, אַז דער בויך...

ענטפערט אים דער באַלעבאָס:

— הער זיך ניט צו, קירילקע, ס'גאָרניט. דאָס האָסטו זיך געוויס אַ קאַפּיטשקעלע איבערגעגעסן. טרונק ווינצי־

קער מילך וואַרעמען, און עס געטריקנטע באַרלעך קליינע.

און ער איז זיך אַוועקגעפאָרן.

איך האָב אויסגעהערט די מאַיסע און פאַרשטאַנען, אַז בײַ קירילקען איז דעזענטעריע. די אויגן גלאַנצן בײַ אים, דאָס פּאָנעם איז שטאַרק אויסגעמאַטערט, ער ליגט און ציטערט און ער בעט בײַ מיר הילף.

— וואָס זאָל איך דאָ טאָן? — האָב איך אַ קלער געטאָן צו זיך אַליין — אים טראָגן אויף די פּלייצעס, וועל איך אים ניט דערטראָגן; אַז ער זאָל גיין אַליין, איז עס אַוואַדע אַ אומעגלעכע זאַך: ער קען זיך גאָר אויף די פיס ניט שטעלן. און דאָ האָט ער נאָך, נעבעך, ניט קיין מאַמע.

דער באַלעבאָס אייצעט אים דאַווקע זייער קלוג:

— הער זיך ניט צו, — אייצעט ער אים, — ס׳איז אַ קליי־ניקייט. דו האָסט זיך אַביסעלע איבערגעגעסן.

— ווייסטו וואָס, — רוף איך זיך אָן צו קירילקען, — איך גיי צו דיר אַהיים, דער טאַטע זאָל נאָך דיר קומען.

— געוויס? — פרעגט ער.

— געוויס.

— וועסטו מיך ניט פאַרגעסן באַדאַנאַ.

— ניין, — זאָג איך, — איך גיב דיר מיין פּיאָנערסקן וואָרט.

און ער וויינט, נעבעך, באַוואַשט זיך מיט ביטערע טרערן.

אַהיים איז פון דאַנעט אַ ווערסט זיבן. דעם וועג האָט ער מיר גוט אויסגעמאָלט און איך בין אַוועק. דער הונט האָט, ווייזט אויס, געוווּסט, אַז קירילקע נויטיקט זיך אין אַ מענטשן, איז ער מיר נאָכגעלאָפן אַ פּאָר טריט פאַר מיר,

יויצע געוועזן און זיך אומגעקערט צוריק. און איך בין אַוועק און אַוועק.

צוויי שאָ, מער האָט באַ מיר דער גאַנג ניט געדאַרפט פאַרנעמען, נאָר מיר האָט זייער באַנק געטאָן פאַר אים, האָב זייער געזשאַלעוועט קירילקען. קיינמאָל האָב איך אים נאָך אַזוי ניט געזשאַלעוועט ווי איצט.

צוריק מיט דריי יאָר בעאייס מ'האָט געטראָגן די מאמע זיינע מיט די צלאָמים פון קלויסטער און ער איז נאָכגעגאַנגען מיט זיין ברודער אין ווייסע פאָסטאָליקלעך נאָך דער טרונע, איז מיר ניט געוועזן אַזוי באַנג. דערנאָך האָט ער גאָר אַף מיר איינמאָל געטראָגן האַס פאַר אַנ'אַנדער זאַך: אַז ס'האָט זיך געעפנט באַ אונז צוריק די זיבן־יאָריקע שול און ס'ניט געבליבן נאָך די באַנדעס קיין איין טאַפליע אין די פענסטער און קיין איין ביכל צום לערנען, האָב איך אויסגעזאָגט דעם לערער, אַז פיליפ מיט קירילקען האָבן געשלעפט אהיים דענסטמאָל אַסאַך מיט ביכער... איז מען געגאַנגען מיט מיליציע און מ'האָט באַ זיי אויסגעטרייסלט עפשער צוויי הונדערט ביכלעך.

און איצט בין איך אים אַלצדינג מויכל, אַבי ער זאָל באַטש ווערן געזונט.

פורן זיינען מיר געפאָרן אַנקעגן, אַנדערע אַפילע באַקאַנטע. די מערסטע פון זיי אָן זראַבינעס, דאָס זיינען געפאָרן אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ. און איך גיי אַהיים. אַ סימען האָב איך געהאַט, אַז ס'נאָך פרי, ווייל איך האָב זיך באַגעגנט אין אָנהויב וואַלד מיט דער טשערעדע־דאָס ערשטע מאָל אַף מיין לעבן האָב איך זיך באַגעגנט מיט דער גאַנצער שטאָט בעהיימעס. אַ גאַנצער כאַיל. מ'זאָל

קענען געבן יע־ערער אַ ביקס האַלטן, וואָלטן מיר זיך שוין ניט מוירע געהאַט פאַר קיין מילכאָמע... אונזער בעהיימע האָב איך דאָ ניט געזוכט, ווייל אונזערע פאַשעט זיך ניט ווייט פון דער היים אַף די ליגישטשע...

און... אַז איך בין פאַרגאַנגען אין שטוב, איז מען נאָך געלעגן אַנדערע אַף די געלעגערס. האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל באַלד אַריין. ווייל אַבי איך האָב זיך נאָר געוויזן אין שטוב, האָבן זיי שוין געמיינט, אַז דאָס האָב איך גע־נעכטיקט בא מיין כאַווערטע. איך האָב אַפילע קיין שטיקל ברויט ניט גענומען אין האַנט און בין אַוועקגעלאָפן גלייך צו איוואַנען.

איוואַן האָט זיך אַקוראַט געבאָבערעט אין הויף לעם שייער.

— שפּאַנט איין די פערד, — זאָג איך צו אים — און לאָמיר פאָרן נאָך קירילקען. קירילקע איז שלאָף.

— כיבאַ? — פרעגט ער מיך.

— זאָל איך אים נאָך דערציילן צי „כיבאַ".

— שוין דעם פערטן טאָג אַזוי, — זאָג איך, — בא אים איז געוויס דיזנטעריע.

ער האָט זיך גענומען קראַצן אין פּאָטיליצע... ער האָט גאָר געקלערט אַרויספירן היינט אַביסל מיסט אין פעלד האָט ער געדאַרפט אַרויספירן.

— אָט ליכאָמאַ!.. נו, גוט, — מאַכט ער, — אָט טו איך אַ זופּ אַ ביסל געקעכץ, גיי איך שפּאַנען די פערד. וואָס איז? דו ווילסט עפּשער גלייך פאָרן, באָ־אַנאַ?

— אַ טשכאָזש! — ענטפער איך אים.

אין אַ קאַרגער שאָ אַרום בּין איך שוין געזעסן בּאַ איוואַנען אָפן וואָגן און בּין געפאָרן מיט איוואַנען צוריק אין וואַלד אַריין דורכן כוטאָר, וואו דער בּאַלעבּאָס פון דער קושאַרע האָט געוואוינט. מיר האָבּן דעם בּאַלעבּאָס ניט געטראָפן אין שטוב, אָבּער ער איז געווען נאָענט, האָט מען אים בּאַלד אַ רוף געטאָן.

און אַז מיר זיינען צוגעפאָרן צום קושאַרע, האָט זיך קירילקאַ אַזוי דערפרייט, אוי דערפרייט: ער האָט זיך אויפגעשטעלט אַף די קניעס, זיך אָנגעשפּאַרט מיט בּיידע הענט אַף דער ערד און אַ קוק געטאָן.

— אָ, — זאָגט ער, — קאָניקי נאַשי פריאיכאַלי! — און ער האָט עפּעס אַזוי מאָדנע אַ גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן און זיך אָפּגעלאָזן אַף דער ערד. דער הונט האָט זיך לעם אים אַרומגעדרייט און אים זייער מאָדנע בּאַשמעקט. און אַז מיר האָבּן אים אַרויפגעלייגט אַפן וואָגן, איז שוין בּאַ אים אַראָפּגעהאַנגען דער קאָפּ, דער הונט האָט זיך אַנידערגעזעצט אַף די אונטערשטע פיס, האָט פאַרהויבּן די מאָרדע אַרויף און גענומען בּילן, וואָרום קירילקע איז שוין ניט געווען קיין לעבּעדיקער.

די צוויי פויערים האָבּן צווישן זיך גאָרניט גערעדט. איוואַן האָט איבּערגעדעקט קירילקען מיט דער סוויטע און איז אַוועקגעפאָרן אָן אַ גוטן טאָג...

אַ גאַנצן וועג אַהיים האָט זיך איוואַן צו מיר גאָרניט ניט אָפּגערופן און איך צו אים אויך ניט.

די „קאָניקי נאַשי" זיינען זיך געלאָפן אין געשפּאַן און געפריבּעט אַנקעגן דער זון. איך האָבּ פאַרשטאַנען אין

איוואַנען, אַז ער איז בייז, וואָס מ׳שטופּט זיך אים איננמיטן דער אַרבעט. ער האָט געזאָלט געווען אַרויספירן אַ פאָר וועגן מיסט אין פעלד אַריין און פלוצ׳ם, נאַ דיר. די פערד וועט ער שוין דאַרפן צוריק אָפּפירן אַף דער פּאַשע און מ׳וועט דאַרפן זוכן ברעטער אַף אַ קעסטעלע און אומלויפן צום גאַלעך און אומגיין רופן מענטשן — צופיל אַרבעט...

איך האָב געקלערט, אַז ווען קירילקעס מאַמע לעבט איצט, וואָלט זי ניט געוויינט, זי וואָלט געקוויטשעט. און זי וואָלט זיך געשלאָגן מיטן קאָפּ אָן דער ערד, וואָר׳ם אַ מאַמע איז ניט קיין טאַטע. און ווען זי וואָלט דאָ אָפן וואָגן געקוויטשעט, וואָלט עפשער אַף קירילקען ניט געווען אַזוי גרויס דער ראַכמאָנעס.

מיין ברודער האָט מיך געפרעגט:

— וואו האָסטו געגעכטיקט, וואו, בא כאַוועלען טשיפּעס?

האָב איך אים געזאָגט, האָב צייט אַביסל איך וועל שוין דיר באַלד דערציילן.

און די מאַמע איז געווען אַף מיר פון דער לעכאַטכילע אָנגעבלאָזן. אָבער, אַז איך האָב צעוואַשן די הענט פאַרקאַטשעט די אַרבל און בין באַלד אַריין אין דייזשע אַריין, דאָס ברויט פאַרקנעטן, איז זי שוין געוואָ־ן אַנדערש. און דאָ ערשט האָב איך זיי דערציילט פון די „קאָניקי נאַשי פריאיכאַלי״.

די מאַמע האָט געהייצט אין אויוון, זיך צוגעהערט און ס׳זיינען בא איר געשטאַנען טרערן אין די אויגן.

— אָט נאַרישע קינדער, — זאָגט זי, — וואָס מ'נעמט עס אָף זיך פאַר אַ געשעפטן?! — גאָר זי האָט ניט געקענט דערליידן. זי האָט אָף צעקלוימערט אַ שמייכל געטאָן און זיך אָפגעקערט מיט פולע אויגן מיט טרערן.

— ס'טאַקע זייער „זשאַלאָבנאָ” — זאָגט זי, — האָסטו עס דערציילט, וואָס פאַרנעמט יעדערן אַזוי פאַרן האַרצן...

# אין קלעם

I

בּעראָ וואָלט גאָר ניט געווען וועלן אַזוי שטאַרק זיין קיין בּעזפּריזאָרנער. אַ גרויסער גליק האָט אים געטראָפן, זיין כאַווער יעסיידער נאָר מיט קליינע מאַגייפעס. און טאָמער וויל מען אויסריידן אַמאָל אַ אידיש וואָרט מיט אַן עלטערן מענטשן, צי כאָטש מיט ווּעמען ס'ניט איז, איז ניטאָ. בּעסאַכאַקל, ווען בּעראָ איז נאָך געווען אינדערהיים אַזוי אַ אינגל, אַ בּעראָ, פלעג ער יעסיידער זוייקן בּאַ מוישע בּייראַכן דעם סעדער אַפן קיך אָדער בּאַ דערעשן דעם שוסטער. דאָרטן פלעג ער זיך קעסיידער אָנריידן מיט די ווייבּער וויפל דאָס האַרץ האָט אים געגלוסט און ער פלעג נאָך פאַרבּייסן מיט אַבּיסל געקעכץ אויך. בּערא האָט ליבּ ריידן מיט עלטערע פון אים, דאָס כאַיעס. נאָר איצט, אַז ער איז אַ פּופּס, וויל ער צו קיינעם אַפילע ניט צוגיין.

זייט זיך געזונט־רהייט! אַ אידענע, אַז די טוסט נאָר אַף איר אַ קוק אין מאַרק, אָדער וואו, קען זי זיך שוין גיכער קיין אָרט ניט געפינען מיט איר קאָשעק. אַן אַנדערע, וואָס איז מער מענטש, טוט גיכער אַ שטופּ איר קאָפּיקע פאַר אַ ווערסט, אַבּי פּאָטער ווערן. בּערא האָט זיי איינ־דריערד מיט די קאָפּיקעס. אַמאָל, אַז ס'איז אים גוט אַפן

האַרצן, נעמט ער אַליין אַרויס אַ דריי פּאַפּיראָסן פון פּעקל, אָדער ער צעבייסט אַ זילבערנע גרינוועקע און לאָזט זיך גיכער איבערן אונטערשטן מאַרק זוכן דעם בלינדן קלעזמער, און געבן אים אַ ציגאַר טוטין און מיט אים ריידן אַביסל. אַ גאַנצער גליק זיין אַ בעזפּריזאָרנער. ער וואָלט ניט געוועזן גיין אַהער מ׳זאָל אים אַפּילו אָפּגילטן. ס׳נאַר, אַז די נויט לייגט זיך אַרויף אַף אַ מענטשן...

די מאַמע זיינע איז געוועזן אַלע יאָרן אַ שפּרעכערן און אַ טרעפּערן. וואָלט זי שוין מינאסטאַם איר בערען ניט געלאָזט פאַלן: איין זון־איין אויג אין קאָפּ. איז זי זיך מעיאַשעוו און שטאַרבט אַליין אַוועק. אַזוי אַ אינמיטן דרינען. פון אַ פּאָפּלעקציע איז זי געשטאָרבן. מ׳האָט זיך דעבסטמאָל געבוג אָנגענומען, ביז מ׳האָט זי אָפּגעפירט אין שטאָט אַריין און ביז מ׳האָט זי באַגראָבן. און דער טאַטע זיינער מ׳זאָל אַף אים זאָגן, אַז ער איז אַ „פּיאַניצע", צי אַ שיקער, ווי סע גראָטן אַמאָל טאַטעס, איז ניט. ער איז אַ ס׳שמעקט ניט און ס׳שטינקט ניט. אַ צוגעשלאָגענער איד און אַ שטילער, אַזוי ווי ער קאָן גאָרניט ריידן. דאַוונען אין סידער קען ער סאַי באַם מיניען, סאַי אין שטוב און ריידן קען ער ניט. אַ וואָרט אַ טאָג ער זאָל אויסריידן איז אַסאַך. דערנאָך זעצט ער זיך אַנידער אַפן באַנק אַקעגן איטלעכן און קוקט.

— וואָס קוקסטו? — פלעג אים די מאַמע אַמאָל אַ פרעגטאָן. — וואָס קוקסטו, וואָלט איך אַ באַלן געוועזן וויסן?

זאָגט ער — גאָרניט. ער טוט זיך נאָר אַ רוק אַף איין אָרט, קראַצט זיך אין איין גאַנג די פּלייצע אונטער דער קאַפּאָטע און ער קוקט זיך ווייטער.

אָן אַנדערש מאָל פאַרקריכט ער אין אַ ווינקל און ווערט אַנשלאָפן אַף צוויי טעג מיטאַמאָל. ווייסט מען אַפילע ניט, צי ס׳עמעצער דאָ אין שטוב.

בערא וואָלט דאַווקע וועלן וויסן, צי ער לעבט נאָך ערגעץ דער טאַטע, עפשער האָט ער שוין, נעבעך, פאַר־וואָרפן ערגעץ מיטן קעקעלע אַזוי ווי הינדעלע אַף אַ פריזבע. אַ גרוי קעפעלע באַ אים און אַ פיטשענקע בער־דעלע, אַזוי ווי אַן אונטערגעסמאַלעטס פון אונטן. אַזאַ איד קען דאַווקע לעבן און לעבן, אַז גאַנצע וואָכן גייט ער אַרום אָן עסן און מ׳זאָל אַף אים אָנהויבן דערקענען. ער איז בלייך בעשאַס ער פאַסט און ווען ער עסט אָפּ איז ער אויך אַ בלייכער. די ליפּן ווייסע, די צייַנדעלעך קורצינקע, אַזוי ווי אַרומגעגעסענע. אַ קליין אידעלע. ער, בערא, איז אַ הויכער, ווייל די מאַמע זיינע איז געווען אַ הויכע. בעשאַס בערא קלערט, צי זיין מאַמע איז געווען אַ הויכע, דערמאָנט ער זיך אַלע מאָל איין זאַך: ווי אַזוי פּעטראָ איז איינמאָל אינדערפרי (נאָך איידער מ׳האָט איינגעהייצט אין אויוון) געקומען זיך קריגן מיט איר, מיט זיין מאַמע, דערפאַר, וואָס אַלע נאַכט פעלט באַ אים אַ נייע הון פון סידאלע. ווי די מאַמע האָט דערזען פעטרען אין פענצטער, איז זי אינדערגיך אַרויפגעקראָכן אַפן בוידעם איבערזיצן ביז יענער וועט אַוועקגיין. האָט זיך בערא ניט געקענט איינהאַלטן און איז אויך אַרויפגעקראָכן אַהין צו זיין מאַמען. פונם גויאישן גאָרטן האָט ער געהאַט אַן אייגענע לאָך, דורכ־וואַנען צו קריכן אַפן בוידעם. און דאָרטן האָט ער טאַקע געזען, אַז די מאַמע קען ניט זיצן גלייך, ווייל זי שפּאַרט אונטער מיטן קאָפּ דעם דאַך. די מאַמע איז געזעסן געלויזט

אירע אראָפּגעלאָזטע האָר פון אונטער דער פאַטשיילע. און בערא האָט אַרויפגעלייגט זיין קאָפּ צו איר אָף די קני. דענסטמאָל איז געווען אַסאַך בעסער. דענסטמאָל האָט מען נאָר איבערגעוואַרט דעם גוי, ער זאָל אַוועקגיין, האָט די מאַמע אײַנגעהייצט אין הרובע, אַרויסגעשלעפּט די הון פון צווישן זאַסיק אַ גער־וילעטע און פאַרוקט זי ווייט אין הרובע, קעדיי דער ראָסל־פלייש זאָל ניט שמעקן אַף דער גאַנצער שטוב.

— דער רואַך כאַפּט אים אַוועק די ביינער זיינע, — האָט די מאַמע געשאָלטן דעם גוי. — אַזאַ כאַזירניק, איז ער קראַנק אַליין אַריינטראָגן אַ הון און זאָגן:

— נאַ העני־אָ, קאָך אָפּ...

דערפאַר אָבער, ווי נאָר די מאַמע איז אַוועקגעשטאָרבן, איז שוין געוואָרן אַ ליידיקע שטוב. דער טאַטע פלעג זיך אַוועקלייגן אַף גאַנצע וואָכן שלאָפן און בערא האָט ניט געהאַט איינער אַליין וואו זיך אַהינצוטאָן. פונדעסטוועגן, וואָלט ער נאָך אַלץ ניט געגאַנגען זיין קיין בעזפריזאָרנער (וואָרום־דעם עמעס זאָגנדיק, האָט ער נאָך אַפילע ניט געוואוסט וואָס דאָס איז), נאָר ס'איז אויסגעקומען האַרבסט־צייט איז דאָס אויסגעקומען זיצט ער איינמאָל בערא אַף די דוואָרישטשעס ווייט, ווייט פון דאָרף און ער קלערט, אַז ער וואָלט שוין ניט געקוקט און געגאַנגען זיך באַשטעלן צו אַ שוסטער, אַבי נאָר פאַרן עסן, ווילן זיי ניט. זיי זאָגן, אַז דעם ערשטן יאָר דאַרף מען נאָך זיי צוצאָלן...

מיט וואָס וועט ער זיי צוצאָלן, מיט זיינע יעסורים?

איז טאַקע אים שלעכט, בערען, אַפן האַרצן, וואָס ער ווייסט ניט וואו צו גיין, און אַזוי ווי ער זיצט אַזוי אונטערן קורהאַן, דאָס היטל אָנגערוקט אַריבער די אויגן און קלערט דאָס אַלץ, גייט אָן פון די כוטאָרעס דער קלענערער קרוטשיק (שוין דאַווקע איינמאָל אַ גאַנעוו), און ער צע־נעמט אַ פאַטשיילע מיט כאַזער מיט אוגערקעס און מיט בראָנפן, בערא זאָל ווערן אַ גאַנעוו און מיט אים עסן. קרוטשיקן טוט אויך באַנק, וואָס בערעס מאַמע איז גע־שטאָרבן, ער פלעג אַלע מאָל צו איר דאַרפן אָנקומען זי זאָל אים עפּעס טרעפן. באַנאַכט פלעג ער קומען צו לויפן און אַ קלאַפּ טאָן שטילערהייט אין גאָרטן אונטערן פענצ־טער, פלעג עס די מאַמע דערהערן די ערשטע און גלייך אַרויסגיין אַ באָרוועסע צו אים און אים אַריינלאָזן אין פינס־טערן הויז אַריין.

בערא האָט זיך אָנגעגעסן לעם קרוטשיקן מיט ברויט און מיט כאַזער (די אוגערקעס מיט דעם בראָנפן האָט קרוטשיק אַליין איינגעלאַדעט) און טראַכטן האָט ער בעשאַס מאַיסע ניט געטראַכט פון גאָרניט. דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט בערא, ווי אַזוי מ׳האָט געפירט דעם אַלטן קרוטש (דעם אָ מיטריקלס אַ פעטער) איבערן דאָרף און מ׳האָט אים געשלאָגן פאַר אַ בינשטאָק. דאָס גאַנצער דאָרף איז דענסטמאָל נאָכגעלאָפן. אַלע באַקאַנטע גוייִים האָבן אים געשלאָגן גלייך איבערן פּאָנים. פון קרוטשן האָט גערינען די יושכע. און די אויגן האָט ער אַריינגעגראָבן, באַ אים בלייב עס, אין דער ערד אַריין; בערא איז דענסטמאָל אויך נאָכגעלאָפן מיט אַלע אינגלעך און האָט עס אַלץ געזען, זאָל ער בערא איצט גיין גאַנעפן מיטן קליינעם קרוטשיק,

אַז מ׳זאָל אים אויך כאַפּן און פירן איבערן גאַנצן דאָרף אַ צעבלוטיקטן, מ׳זאָל אים שפּייען אין פּאָנעם אַריין, מ׳זאָל אים מיימעסן, שלאָגן מיט בייטשן און מיט שטעקנס און אַלע אידן פונם מיניען זאָל זיין אַ כאַרפּע זיך פאַר אים איינצושטעלן?.. אָבער אַזוי ווי אָפּעסן האָט מען שוין אָפּגע־געסן, האָט זיך שוין בערל גערעמט כאַראַטע האָבן.

קרוטשיק האָט אים נאָר דערלאַנגט אַ מעסער (וואָס בערל האָט אים נאָך באַ זיך ביז היינטיקן טאָג) און מיט בערען האָט ער אָפּגערעדט, ער זאָל באַנאַכט ארויסגיין צו דער וואָסקאָבאָיניע. דאָס האַרץ איז אים ניט גאַנץ מיטריקן, וואָס דאָרט ליגט אַזוי פיל פּאַרטיקער וואַקס און ער, מיטריק, זאָל אַרומגיין שלינג־און־שלאַנג.

אַ קוינע אַפּן וואַקס איז שוין דאָ. מ׳דאַרף נאָר אים צושטעלן די סכוירע.

די אויגן לויפן אום באַ קרוטשיקן בעשאַס ער רעדט און רוען ניט איין אַזוי ווי קוועקזילבער. די קנייטשיקלעך אַף די שטיוול גלאַנצן אַלע אַזוי ווי די שפּיגעלעך און פון אונטערן היטל שטעקט באַ אים אַרויס אַ פּאַרדרייט קו־טשערל, אַזוי ווי באַ אַ קאַטשער אַפּן ווייַדעלע. באַ בערען איז ניט געווען קיין קוטשער. בערל האָט געמוזט טראָגן דאָס היטל אָנגערוקט איבערן גאַנצן קאָפּ. האָט ער זיך מעיאשעוו געווען בערלאָ אַזוי: קיין גוטער גאַנעוו וועט דאָך פון אים סאַיווי ניט אַרויסקומען. וואָס איז אַ גאַנעוו אָן אַ קוטשער? אַ גאַנעוו אָן אַ קוטשער איז אַזוי ווי אַ קלויסטער אָן אַ גלאָק און פּעטש כאַפּן אומזיסט גליסט זיך אויך ניט. אַמער האָט ער בעסער אָפּגעמאַסערט קרוטשיקן צו דעם מיליצאָנער און אָנגעזאָגט מיט אַלע סימאָנים ווי

אזוי מ׳זאָל־אים דערהיטן לעם וואָסקאָבאָינע. און אַליין איז ער די נאַכט אַוועק פון דאָרף, אַז מער זאָל זיך זיין פוס אַהער ניט ווייזן, וואָרום קרוטש וועט אים אַרויסלאָזן אַלע קישקעס פון בויך. קרוטש קען זיי אַרויפוויקלען אַף אַ טעלע־גראַפנעם סלופ איינציקווייס, ס׳זאָל זיין אַ לערע. עפּעס אַ קלייניקייט, קרוטש! זיינע פּעטערס זיינען אויסגעווען וואו אַ קאַטערגע און ער אַליין פליט אַרום איבער דער גאַנצער וועלט ווי אַ פויגל, און קיינער רירט אים ניט אָן מיט קיין פינגער. ס׳שוין איינמאָל אַ קרוטשיק.

II

שוין צוויי זומערס מיט אַ ווינטער, ווי בעראָ איז קימאַט ניט אַרויסגעפאָרן פון קיעוו. ווען ער וויל, האָט ער אין קיעוו אַן אייגענעם אויך, אָבער אָט אָ באלד צעיאָגט ער זיך אַהין. באַ בערען זיינען לאַנגע הענט און לאַנגע פיס, שטופּט ער זיי וואו אַ וואָגן און וואו אַ שטעלעכל. פון דעם זשיזועט ער זיך די גאַנצע צייט. בעראָ געדענקט שוין אַפילע ניט די צייט, ער זאָל אויסריידן אַ אידיש וואָרט מיט עמעצן, נאָך גוט, וואָס מיט די מאַגייפעס לעבט ער גיט. מ׳עסט אינאייגעם, מ׳שלאָפט אינאייגעם און מ׳טיילט זיך מיטן לעצטן ביסן.

באַ אים אין דער קאָמונע זיינען דאָ כעוורע כין וואו זי וועלט גאָר האָט אַן עק, נאָר פון זיין אָרט פון די קאַ־לאָקיטעס איז ניטאָ קיינער כוץ אים אַליין.

פון דער כעוורע שטייט ער ניט אָפּ, בעראָ, וואוהין אַלע לויפן, אַהין לויפט ער אויך. זיי רופן אים נישט בעראָ און

זיי רופן אים ניט זשיד אויך, זיי רופן אים גאָר „מעשניצא״.
דער רואך ווייסט די ביינער זייערע פאַרוואָס ס׳איז זיי
אַזוי געפעלן געוואָרן. דאָס פלעצל (באָרקאָ מיטן צעפלאַ־
טשעטן נאָז) האָט אים געזאָגט, אַז ס׳דערפאַר, וואָס בעשאָס
בעראָ גלייכט זיך אויס מיטן קנאָפּ אַפן האַלז, מיט די צוויי
לאַנגע הענט און צוויי לאַנגע פיס, קומט ער אויס פונקט
ווי אַ ווינטמיל מיט צעלאָזטע פליגל.

— דערצו, — זאָגט ער נאָך, — אַז אין אַ ווינטמיל מאָלט
מען מעל און בא בערען רייסן זיך גרופּן.

— ליג אינ׳דר׳ערד, — האָט אים בעראָ געזאָגט.

און פלעצלען האָט ער דאַווקע ליב געהאַט בעסער פון
אַלע כעווריע, ווייל פלעצל איז געווען אַ מענטש אַן אַ גאַל,
ער וואָלט קעסיידער אָפּגעגעבן יענעם די נעשאָמע. אָט
שפּילט ער מיט אַ יאַט אין קאָרטן און געווינט אָפּ בא
אים אַלץ ביז דעם לעצטער שמאַטקע אָפן לייב. פלוצים
נעמט ער, שאַרט אויף אַלץ ביז אַ פּיצל און גיט אָפּ אַף
צוריק:

— אַף וואָס דאַרף איך?

ער קען שוין זיין איצטער ווייט, באָרקע. ער האָט בערען
דאַווקע אויך גערופן מיט זיך. אים איז שוין נימעס גע־
וואָרן — זאָגט ער, — צו זיצן אַף איין אָרט. אָבער בעראָ
האָט, פונקט פאַרקערט, פיינט געהאַט זיך אומשלעפּן. איצט
האָט ער שוין פיין כאַראָטע, בעראָ. געדאַרפט געווען אַוועק־
פאָרן באַצייטנס, וואָלט ער דאָ פון קיין צאָרעס ניט גע־
וואוסט. אַזוי איז אים דאַווקע אין קיעוו געווען גוט און
אַלע זאכן. שוין דאָס אַנדערע יאָר אַף איין בוידעם, וואַרעם
ווי אין אַן אויער. קיינער האָט דיך די גאַנצע צייט מיט

קיין פינגער ניט געטאָרט אָנרירן. וואָס דאַרף מען מער, אַפילע אַ מיליציאַנער האָט קיין רעכט ניט שלאָגן: פירן פיר וואו דו ווילסט, שרייב, טו, נאָר שלאָגן ניט. וואָלט דאָך אַלץ געווען גוט, ווען ניט די פּלוצימדיקע סרייפע מיט דער כאַפּעניש. די בלעטער איז, ווייזט אויס. ענג אין קאָפּ, טאָמער דרייען זיך אום עטלעכע שקעטן איבער דער גאַס...

בערען, דעם עמעס אייך זאָגן, ווילט זיך ניט גיין אין קיין קינדערהויז. בעראָ ווייסט, אַז ס׳וועט שוין פון אים סאַי ווי קיין לייט ניט זיין, וויל ער ניט און ער דרייט זיך די גאַנצע צייט אויס. מ׳האָט שוין עטלעכע מאָל אונטער־געשיקט מענטשן, קאָמיסאַרן אַזעלכע. צו זיי אין קאָמונע אַריין, אַז מ׳זאָל אַוועקוואַרפן די אַרבעט און גיין זיך איינ־שרייבן. האַלטן אַ״ע, אַז מ׳דאַרף ניט.

בעראָ, טיף אין האַרצן ווייסט ער, אַז מיטן קינדערהויז איז נאָר אַן אָנשטעל. ער וואָלט דאווקע געגאַנגען זיך לערנען אַהין פאַר אַ סטאָליאַר אָדער וואָס, און דאָס, וואָס מ׳דאַרף זיך דאָרט אַלע מאָל וואַשן און צוואָגן, וואָלט ער זיי מוחל געווען. ס׳נאָר, וואָס ער ווייסט, אַז ס׳איז אַ ליגן. ווארום ווער דאַרף אַזעלכע גאַנאָווים אין אַ קינדערהויז. ווען ער, בעראָ, איז אַ קייסער, וואָלט ער דער ערשטער געמאַכט טיל טעל פון אַ״עמען און סאָף. ער פאַרשטייט עס אַליין! ס׳גלאַט, וואָס ער האָט שוין ביז אַהער זיך דורכ־געמוטשעט, וויל ער ניט גיין מיטן גוטן ווילן צום טויט אין די הענט אַריין: דער דאָקטער, וואָס גייט דאָרט אום אין קאַראַבטין מיט אַ ווייסן פאַרטעך, מ׳ווייסט עס שוין, אַז ער שטעלט אַף צוקלוימערשט פּאָקן יעדערן באַזונדער, נאָר

אין די פּאָקן גיסט ער אַ־ײַן אַזאַ סאַם, פאַרדרײַט זיך אָדראַזע דער קאָפּ און אַף מאָרגן שיט מען אָן אַף דיר אַ גרויסן באַרג ערד און טאַקע אַן עמעסן באַרג און אַ סאָף צו די געשעפטן.

— דערווײַל האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער כאַפּעניש אַזוי שלעכט, אַזוי שלעכט, אַז מ׳האָט זיך גאָר אַלײַן ניט געריכט ווי אַזוי ס׳געגאַנגען וואָס אַ טאָג ערגער. לעם די גאָרקיכן זעט מען ניט קײַן אײַן פּופּס, אַ־ן מאַרק איז שאָפּל. מ׳האָט געמיינט איבערזיצן עטלעכע טעג אין די לעכער, טאָמער וועט בעסער ווערן, הויבט זיך עס גאָר ניט אָן. מ׳גײַט אַרום מיט די פּאָנאַריקלעך און מ׳ניזשעט. איצט איז די קאָמונע שוין אַזוי צוגעשטילט געוואָרן. אַז מ׳זיצט אַלע ווי די הונגעריקע מײַז. קיינער כאַפּט זיך ניט אַרויס אַף דער אַרבעט און ווער ס׳גײַט אַוועק, דערלעבט ניט קומען צוריק. שלעכט אַזוי צו ליגן אָן אַ שטיק אַרבעט, די קאָרטן קריכן שוין פון האַלז און שלאָפן גליסט זיך ניט. קאָליא פימסטאָי זאָגט, אַז ער איז גרייט אויסאמען די גאַנצע שטאָט. באַנאַכט קען ער אָנלאָזן אַזעלכע גאַזן אין די טרובעס, אַז אינדערפרי זאָלן אַלע אויפשטיין טויטע, ער ווייסט, ער האָט אַזאַ מיטל.

אויב זיי זײַנען שוין יאָ אַזעלכע, איז זונז אַ טויט און זיי אַ טויט, מ׳דאַרף נאָר עפּעס צוקלערן מ׳זאָל קענען זיך אַרויסכאַפּן באַצײַטנס פון שטאָט.

פאַראַן ווײַטער כעוורע, וואָס זאָגן, אַז מ׳גאָר ניט אַזוי שלעכט. די שקעטן, וואָס מ׳האָט אויסגעכאַפּט, גייען אַרום אויסגעקליידט ווי די יאָלדן און מ׳לערנט זיי פאַר „זעמלע־מערן“.

ווייס איך וואָס! בערל וויל ניט זיין קיין פּאַריץ. אַ „זעמלעמער" איז אַ פּאַריץ. מ'דאַרף פּריסירען די שטאָט און אַ סאַך. נאָך היינט באַנאַכט וועט מען אַלע אַוועקגיין פון שטאָט. דער בוידעם מיט ביידע קוואַרטירעס זייערע זיינען אָפּן צום „דניפּער" צו, וועט מען זיך באַנאַכט אויסשיטן אַלע מיט די מעסערס אין די הענט און אַוועק מיטן שליאַך לאַנג אויס דעם דניעפּר. ס'נאָר שלעכט, וואָס מ'איז שוין הונגעריק דעם דריטן טאָג.

דער קניאַז האָט געזאָגט, אַז מ'דאַרף אַרויסשיקן עטלעכע העלדן אַף אייגענער ריזיקע און קריגן עפּעס עסן·

און מ'האָט טאַקע אַזוי געטאָן:

עלף אַ זייגער אינאָוונט נאָכן ערשטן שלאָף האָט מען אַרויסגעלאָזט פּימקען דעם קניאַז (ווייל ער האָט זיך אַליין אויסגערופן) און בערען (דערפאַר, וואָס ער האָט זיך פאַר־רוקט אינם ווייטסטן ווינקל אַפן בוידעם) און אַלס אַ דריטן האָט מען גענומען סימסטאָיען (ווייל ער איז דער גרעסטער גיבער). האָט מען זיי אַרויסגעלאָזן זיי זאָלן „אַנטלייען" ערגעץ אַביסל פּיקעכץ.

בערל האָט אויפגענומען אין זשמעניע אַריין זיינע צע־שפּיליעטע פאַלנדיקע שטיקלעך פלידערן און האָט זיך אָן כיישעק אַוועקגעשלעפּט נאָך די צוויי העלדן פון דער מישפּאָכע. זיין אייסעק איז דאָ דער קלענסטער. ער וועט נאָר דאַרפן שטיין באַ אַ זייט און אַכטונג געבן. וואוהין גיין, פאַרשפּאָר ער זיי פרעגן. מינאַסטאם וועט מען גיין צו קרופּסקעס געסל אַ טרייבער טאָן דער אַלמאָנעס קלייטל בעשאַס זי וועט נעמען איבערשלעפּן אירע קוישן סכוירע אַהיים אַף נאַכט. מיילע, כאַפּט זיי דער וואַטלמאַכער, זיין

קאָפּ טראָגט אים סאַי ווי ניט אַף קיין גרויסע זאַכן. וואָס מען וועט אים הייסן, דאָס וועט ער טאָן...

די כעווורע האָבן אָבער ניט באַוויזן אַרויס פון גאָרטן אַף איבערטאַנצן די ברייט גאַס, ווי זיי האָבן דערזען אַ הייפל ניט קיין געוויינלעכע דורכגייער מיט אַ פּאָר מיליציאָנערן פון פאָרנט. פון רעגע צו רעגע טוט באַ זיי אַ בליץ אַ לאָמטערנדל פון קעשענע אַרויס און זיי גייען גלייך צום גאָרטן אַזוי ווי מ'האָט זיי עמעצער אָנגעוויזן דעם וועג.

בעראָ האָט פון דער ערשטער רעגע ניט געכאַפּט נאָך אַפילע אין וואָס דאָ גייט, אָבער ווי מיטאָי האָט אַ שושקע געטאָן — „אַטער", ווייזן זיי אַלע דריי צוגעפאַלן צו דער ערד און בעראָ האָבן גענומען אַזוי טראַסקען די ציינער אין מויל, אַז ער האָט געמוזט צו האַלטן די מאָרדע מיט דער האַנט, ער זאָל אַהער נאָך ניט אָנהייבן מיט זיין קלאַ־פּעריע קיין שלעק מיט פּירקן עס. קאָליאַ האָט אַ שושקע געטאָן ק־יאַזן ער זאָל לויפן צו וויסן געבן דער גרופּע, וואָרום דער בוידעם איז שוין, דאַכט זיך, פאַרשפּילט. און בעראָ'ן האָט ער געזאָגט:

— דו, מעלניצע, לויף צום דנעפּער לעם גרויסן שטיין, וואַרט, וועלן מיר דיך אָנזאָגן.

באַ סימטאָמען האָבן זיך צעשפּלט די אויגן ווי באַ אַ קאַץ און אַליין טאָר זיך גענומען גאַנווענען צום בוזעם פון אַנגעבנדער זייט. בעראָ האָט דערזען ווי אַזוי ער בלייבט דאָ אַליין אין מיטן נאַכט, האָט ער זיך צעשלאָגן שטאַר־קער צו דער ערד און גענומען בעסער אויסוואַרטן. אַף כעווורע: וואוהין וועט ער דען אַליין לויפן? דערווייל טראַסקען אים די ציינער אין מויל. ער הערט ווי טריט טופּען,

מענטשן דערוואַקסענע זײַנען דאָ ערגעץ נאָענט, זיי רעדן שטיל... בּיזרען ציט זיך אויס יעדער מינוט פאַר אַ יאָר. פּלוצים דערהערט ער ווי כעוורע שיטן זיך דורך לעם אים אײַנציקווייס. האָט ער זיך אויך אויפגעכאַפּט, ווידער אַמאָל אונטערגעכאַפּט די פאַלנדיקע הויזן און נאָך זיי. ס'פינסטער. דער בוריאַן שטעכט אין די פיס און אונטן לויפט מען ערגעץ נאָך. לאַמטערנדלעך צינדן זיך אַלע רעגע אָן אַזוי ווי די מכאַשייפישע אויגן. עפּעס אַ דערוואַקסענער רופט ערגעץ פון אַ זייט:

— „רואיק, כעוורע, מירן אײַך גאָרניט טאָן. איר וועט באַ אונז זײַן אָפּגעגעסן און אָנגעטאָן.

פּליצים האָט סיוכוויי אויסגעשאָסן פון יענעם ווינקל מיט אַ געוויין בערען האָט עס אַ זויג געטאָן באַם האַרצן: ווײַזט אויס, זיי האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן כוידעס. פּלוצים האָט בערא דערהערט אַרום זיך נאָענט סימסטאָיס הייסע און צוגעשטיקטע שטים:

— זיך צעשיטן אײַנציקווייס! אינזינען האָבן דעם דניעפּר, אַראָפּ וואַסער.

כעוורע האָבן זיך מיט אַמאָל צעזייט אין אַלע 4 זייטן און בערא האָט זיך אויך אַ לאָז געטאָן מיט עטלעכע כעוורע צום דורכגאַנג־הייף, וואָס אַף אינסטיטוטסקע. נאָך איין רעגע איז מען אינעם הויכן הויף, אָבער פּלוצים האָט זיך אַזוי ווי אַ רוק אַרויס געטאָן באַ בערען די ערד פון אונטער די פיס און בערא האָט ערגעץ אַ טראַכעט געטאָן מיטן קאָפּ אַראָפּ אין אַ טיף אַרײַן.

פּליעטריק האָט אים נאָר אַ שטאַרקן ריס געטאָן אין האַרצן — מאַמע!

אין ווי א בליץ איז אים דורכגעפלויגן אין געדאנק, אַז ס׳איז שוין נאָך בערען! אַ כאָף! פאַרטיק מיט דער פיש־קאַרטאָפליע!..

## III

## אַ מעכאַבּרישע האַאָרע

ס׳איז טכילעס הארבסט.

אין קיעוו איז דער האַרבסט קעסיידער אַ גאָלדענער: מענטשן, זון, קאַווענעס אַף יעדער ראָג, און וואו אַ טראָט שטייען קוישן מיט אַלערליי אויבסן, וואָס בעטן זיך אַליין אין מויל אַריין. די באַוועגונג אַף די גאַסן איז אַ פויבּ־עכע. מ׳שטופּט זיך ניט, מ׳יאָגט ניט. דער לייכטער וועטער גיסט, פונדעסטוועגן, אָן פולקייט אין די אייוורים, גייט מען זיך אונטער...

נעכטן האָבן זיך נאָך אָפּגעטאָן אַביסל כידושים אין שטאָט מיט די בעזפּריזאָרנע, וואָס מ׳האָט אַרויסגעיאַגט פון קיעוו. פאַר דער שטאָט איז עס געווען אינגאַנצן אומגעריכט. מ׳זעט אַנ׳אויפגעלויף—לויפט מען אויך.

— וואָס איז?

— מ׳פירט בעזפּריזאָרנע אויסגעבאָדענע...

ווייטער אַנ׳אויפגעלויף. — וואָס איז ווייטער.

— וואָס, איר זעט ניט, וואָס די בעזפּריזאָרניקעס צוטוען אַנאָ? זיי שפּייען פון די באַלקאָנען, זיי וואַרפן די היטלען זיי לאַכן, שטופּן פייגן און קיינער קען זיי גאָרניט ניט טאָן. איינער האָט אָפּגעטאָן נאָך קלוגער: ער האָט זיך אַרויפגעקלעטערט אַפן דאַך און איז אינגאַנצן אַנטלאָפן געוואָרן.

אין אַ פּאָר שאָ אַרום — מ׳לויפט ווייטער.

— וואָס איז?

מ׳פירט בּאַזפריזאָרנע צום וואָקזאַל: זיינען טאַקע געגאַנגען גאַנצע מאַכנעס כעוורע אין רייען, נאָר שוין ניט קיין בּעזפּריזאָרנע, ניט קיין טייסטער־גייסערס. מערער האָבן זיי געהאַט אַ פּאָנעם פון סאָלדאַטן, וואָס מ׳שיקט עפּעס אָפּ אין אַ ווייטער פרעמד. זעלטן ווער פון זיי ס׳טראָגט אַ קעסטעלע אַף די פּלייצעס אָדער אַ שמאַטאָווע קלימעקל. אַרום גייט אַ פעסטע וואַך פון מיליציאָנערן, רייטערס און פיסגייער און יעדער דורכגייער אין גאַס שטעלט זיך אָפּ פון דאָס ערשט קוקן און מ׳איז ניט יו צע מיטן קוקן, מ׳לאָזט זיך נאָכגיין. אַנדערע גייען אַפּילע ווייט, אַנדערע — פונם אינגערן אוילעב — גייען ביזן כאַמע וואָקזאַל, מ׳באַגלייט געטריי און אַזוי ווי ס׳טוט אַפילע באַנק די שייד.

נעכטן האָבן זיך געטאָן כידושים אין שטאָט, נאָר איצט צורייט שטיל. דער ז.לבער שיינער וועטער אַף די גאַסן, דיזעלבע פריילעכע באַוועגונג אַף די גאַסן. מענער, פרויען, קינדער, מ׳גייט אום מיטן פריי אָרגן. בּאַ אַנדערע זיינען די גאַנגען נאָך אַפּילע פון נעכטן פאַרגרייט און מ׳דאַרף זיי אויספילן, האָט זיך יעדערער זיינס אינזינען.

און אַף אינסטיטוטסקע גאַס איז דאָ אַ הויף אַזאַ, פון יענער זייט הויף אַ גרוב אין בוריאַן באַהאַלטן. אין גרוב איז פינסטער און אין דער פינסטער ליגט עפּעס אַ פאַר־שוין, נאָר וואַרט אַ רעגע ער רירט זיך שוין, כ׳איז בּערא.

בּערא האָט זיך גענומען רירן מיטן אָנגערוקטן היטל אַריבער די אויגן, גענומען קרומען מיכן שעפּעליאָוון דינעם ציסק און זיך בעטן.

— שעפּע זיך ניט, אַ, גיי, שעפּע זיך ניט!..

אים האָט זיך געדאַכט, אַז בילאָם מיטן איין אויג האָט זיך אַף אים אָנגעזעצט רייטנדיק און מיאַלעט אים די ביינער.

בעראָ אַף שלאָגן זיך איז ער ניט קיין בעריע, זיין איינציקער קלייזאַיען איז שטענדיק זיך אָפּגעבן און מיט גוטן.

— שעפּע ניט! אַ, גיי, לאָז, וואָס טוסטו! שעפּע ניט!

פּלוצים האָט ער אַניעפּן געטאָן די אויגן און אין איין קערעף־אַאין דערפילט זיין איינזאַמקייט. האָט ער געכאַפּט זיך דערמאַנען מיט גיכע טריט, וואָס עס קומט דאָ מיט אים פּאַר.

וויפל איז שוין אַוועק ניכט זינט ער ליגט דאָ, ווייס ער ניט, בעראָ: קען זיין, אַז איינע קען זיין, אַז צוויי. בעראָ האָט טיפנדיק דעם גרויסע באַל אַפן שטערן, געשטופּט די צונג פון מויל. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער וועט דערלאַנגען און זיך אַליין אַרומלעקן דעם ווייטאָק, וועט אים זיין בעסער. ס׳איז אָבער געווען אוממעגלעך, האָט ער ניט געמאַכט קיין שיעס און גענומען מיט צעדרייטע ביינער זיך דורכמאַכן אַ וועג פון דער שמאָלער הויכער גרוב אַרויס.

אַרויסקריכן איז ניט געווען אַזוי שווער, ווי מעסוקן דאָס פאַלן איז געווען. ליימיקע טרעפּלעך, אַלטייאַרג, קוילער נאַכער מיסט באַם כאַמע מויל פון גרוב, קעץ, הינט, שטיקלעך גלאָז. פּלוצימדיקע ליכטיקייט און בעראָ איז צוריק אַף דער ערד.

— קום — האָט ער אַזוי ווי זיך אַליין אַ רוף געטאָן און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַזוי ווי פאָרזעצן די ריכטונג,

וואָס די גרוב האָט אים אָנגעהאַלטן איבערגעשלאָגן, ניט געלאָזן לאַכן.

צוריק גיט קוואַרטיר ניט ער גייט, ניט ס'ציט אים אַהין און אומבאַטראַכטערהייט האָט ער דערפילט, אַז די פיס טראָגן אים פון אינסטיטוטסקער באַרג אַראָפּ, אַראָפּ, און גלייך צום צענטער. די זונען־ליכט מיט דער וואַרעמקייט האָבן אים עפּעס שטשיקלנאָ אַ שטייף געטאָן זיין מאָגערע דינקייט פון אויבן ביז אַראָפּ. האָט ער געגעבן אַ ציטער מיט זיין גאַנצער לענג. נאָר אַנשטאָט אַראָפּ אַפן קרע־שטשאַטיק איז ער בעסער אַוועק מיט מערינגער און פון דאָרט דורך ליטעראַנער אַף בעסאַראַבקער באַרג. ער גייט קאָלזמאַן ס'גייט זיך, כאָטש די פיס זיינען בא אים אַזוי ווי אין אַ פענטע אַריינגעטאָן און אַפן קאָפּ פילט ער עפּעס אַן ענגן רייף אַזוי ווי אַ רעמל פון אַ זאַפּ.

בעראָ זעט פון דער ווייטן, וואו די שטעלעכלעך, רונדוק־לעך, ווייבער, פענצטער, קלייטן, אַלע האָבן זיך עפּעס פאַרענדערט, זיינען ניט אַזעלכע ווי שטענדיק. דאַכט זיך, וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט נאָר אים זיך אַ לאָז טאָן ניט כעוורע גאַלאָפּ איבער אַ נאַכט און פון יעדער רונדוקל אַ טשובע טאָן און ס'זאָל זיין אַף צוויי וואָכן עסן דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, אָבער איצט זיינען בא אים קורצע הענט. איצט דאַכט זיך אים עפּעס, אַז ער איז שוין דאָס צווייטע מאָל אַ יאָלד אַף דער גרויסער וועלט, אַז אָט די ווייבלעך מיט די ברייטע פאַרטעכער, וואָס זיצן בא די קוישן, די אינוואַלידן אין די רונדוקלעך זיצן שוין, און זיי וואַרטן נאָר אַף אים זיי זאָלן אים גיכער אַ כאַפּ טאָן באַם קאָלנער און אָנהייבן שרייען „טאָוואַרישטש מיליציאָ־

נער", „זאַיאַרישטש מיליציאָנער", און ס'פּאַטיק דער
קאָמפּאַט. בעראָ האָט געמיידט גנייוועש איין גאַס נאָך
דער אַנדערער. ער איז געגאַנגען שוין אין גאַנצן אָן אַ
טאַכלעס, צוריק זיך אומקוקן האָט ער ניט געוואַגט, אַזוי
ווי אָן אַ שיר שפּיזן גייען אים נאָך נאָך זיין נאַקן. זאָל ער
נאָר פּרוּוון זיך אויסקערעווען, איז זיין טויט אַן אָרט.
גייט ער פּאַ־ויס, די ווייטאָקן צעגייען זיך אים פון די
ביינער און ער גייט שוין מיטן געפיל פון אַ הונט, וואָס
האָט זיך בעדערעך־נעס אַרויסגעדרייט פון דער פאָרנדי־
קער שטייג הינט און פון די היצליעס. זייער מאָדנע איז
צו קוקן ווי אַזוי אַנדערע הינטלעך פאַרוואַרפט מען דעם
שלייף אַפן האַלז און זיי דריגען ניט די פיס לעך, אַז ס'פאַר־
נעמט אַזוי שטאַרק פאַרן האַרצן. זיינען יענע פאַטש קליי־
נינקע און ער, בעראָ, איז אַ לאַנגער, אַ ווייכער הונט מיט
איינגעפאלענע זייטן און מיט אַ פולן קאָפּ מיט פאַכאַד. בײַ
אים אַפן פּאָנעם איז אַזוי ווי אָנגעשריבן, אַז ער וויל ניט
דעם שלייף אַפן האַלז און וויל ניט דעם שטייג. ס'גע־
ווענדט, צי ער וועט קלוג אויסמיידן די גאַסן, אַף וועלכע
דער וואָגן פאָרט אום.

„קען ער נאָך כאָטש בלייבן לעבן אויך".

בערען האָט זייער גענומען נידען דאָס האַרץ, אַז ער
האָט גאָר אַליין ניט געוואוסט וואָס ס'טוט זיך דאָ מיט אים.
אַף אַ רעגע, אַז דער פּאַכאַד האָט אים אָפּגעלאָזן. האָט דער
הונגער אים גענומען זויגן. בעראָ האָט קלאָר דערזען פאַר
די אויגן ווי אַזוי בעשאַס ער איז נאָך געווען אַזוי אַ אינגל,
אַ בעראָ, איז ער איינמאָל טישעבאָוו געפּאָן אין שטאָט
אַריין מיט זיין מאַמע. אַלע האָבן דענסטמאָל דאָרטן גע־

פאַסט און מ׳איז געגאַנגען מיט די זאַקן. די גאַנצע שטאָט אָפּן היליקן אָרט. איצט האָט זיך אים אויך אויסגעוויזן, אַז ער איז אַסאַך קלענער ווי אַף דערעמעס. די הויכע מאַמע זיינע פירט אים פאַר דער האַנט און די גאַנצע שטאָט גייט מיט זיי אַפּן היליקן אָרט.

בערל האָט זיך געשטאַרקט און עטוואָס ניכטערער אַ הויב געטאָן זיינע פאַרכאלעשטע אויגן, האָט ער דערזען, אַז ער איז שוין דאָ אויך אין עק שטאָט. דאָ זיינען די טראַמוואַיען איין גרויס מיט די הייזער, אַזעלכע פיצעלעך דירעלעך שטייען דאָ אומעטום, און ער איז, דאַכט זיך, גע־ראטעוועט. עפשער האָט זיך די מאַמע זיינע אַף יענער וועלט דערוואוסט, איז זי געקומען, אים דורכגעפירט אלע גאַסן און אַרויסגעפירט פון דער סאקאָנע. בערען איז פלו־צים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן, ער וואָלט אָפּגעגעבן איך ווייס ניט וואָס, ער זאָל דערזען עמעצן איצט פון זיינע כאַווירים, נאָר ס׳ניטאָ קיינער.

אַפּן גאַס שפּילן זיך קינדער בײַ די שוועלן. בערל פילט איצט מיטן גאַנצן האַרצן, ווי אַזוי ער איז זיי מעקאַנע. איין פאַר גאַנצלעכע הויזן, ווען ער האָט און אַ העמד, איז ער דאָך אויך אוים בעספריזאָרנער, אַזוי ווי אַ הונט מיט אַ בענדעלע אַפּן האלז, און נאָך אַ שטוב דאַרף מען האָבן און אַ מאַמע... בערל האָט זיך ווידער אַמאָל דערמאַנט, אַז ער איז טויט הונגעריק. אַליין זיין לאָזט מען אים ניט איבער אַף קיין רעגע. די מוירע טרעט אָפּ אַף אַ ווײַלע, גייט אַרויס צו אים דער הונגער. זיגט ער לעבט, בערל, איז ער נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי אויסגעמאַטערט און פאַר־כאַלעשט ווי דאָס מאָל. דאָ גייען די גאַנצע צייט נידעריקע

הײזלעך מיט ברייטע הויפֿן און נאָך סעדער באַ די זײַטן,
אָבער בערעאָ האָט פֿאַרשטאַנען, אַז ניטאָ זיך וואָס צו שטופּן
אין קיין הויף, קיינער וועט אַף אים איצט קיין ראַכמאָנעס
ניט האָבן, פֿאַרקערט, מ׳וועט זיך אין אים נויקעם זיין אַזוי
ווי אין האָמאָנען. אַלע, אַלע ווילן זען זיין בלוט. איז ער
געגאַנגען ווייטער אַזוי מיט אונטערגעסלעך אין אַ גליי־
כער־אַן־ערעך ליניע צום אַרויס פֿון שטאָט. פּלוצים איז
ער אָנגעגאַנגען אַף אַ גרויסער בלינדער וואַנט, וואָס מאַכט
די גאַס פֿאַר אויס גאַס. בערעאָ האָט אָפּגעטראָטן אַף אַ פּאָר
טריט צוריק און ד׳ערזען, אַז ס׳איז עפּעס אַ פֿאַבריקע מיט
קוימענס און קעדיי ניט פֿאַרקריכן וואוהין מ׳דאַרף ניט,
איז ער אַוועק עטלעכע טריט אַף צוריק אין מיט אַ קורץ
געסעלע אַרויס אַפֿן ברייטן שליאַך. גלייך אַקעגן איז גע־
שטאַנען אַ פּאַרק. בערעאָ האָט ניט געמאַכט קיין שיעס און
געכאַפּט אַ קוק צווישן די ציגל־לעכער; איז שאַ, ס׳פּוסט
און שטיל. האָט ער אינדערגיך אַריבערגעקלעטערט די
ציגעלנע גראָבע וואַנט, וואָס פֿונויבן מיט דראָט. און
דאָרט האָט בערעאָ ערשט דערפֿילט מיט אַלע אייווורים, אַז
ער איז באַלעבאָס אַף זיך אַליין. האָט ער צוגעזוכט אַ קילער
אָרט אונטער אַ בוים אין געדיכטן גראָז און זיך אויסגע־
צויגן אין זיין גאַנצער מאָגערער לענג.

IV

— די טרובעס פֿון די פֿאַבריקן האָבן אין עק שטאָט גע־
פּייפֿט, ווייזט אויס, צו פֿיר אַזייגער. בערעאָ האָט זיך דורכ־
געטשוכעט אין גראָז, האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ פֿאַרשלאָ־

פענער אַף די געשוואָלענע פיס. דער בויך האָט אים אויפגעצויגן צום סאַמע רוקן און ער איז אַוועק מיטן פּאַרק.

גראָז, ביימלעך, גריבער. ס׳זאָל כאָטש אַף איין נוים הענגען אַ באַר אָדער אַן עפּל. די בוימער, ווייזט אויס, זיינען אויך אין כּאַס אַף בערען, אַלע האָבן זיך אָנגערעדט נאָר אַף אים. דערווייל האָט בערא דערזען נאָך אַ פּאַרקאַן. פון יענער זייט פאַרקאַן אויך אַ גאָרטן און דאָרט שטייען עפּעס הויכע באַשעפעניש מיט אויסגעבויגענע העלזער און קייען זשייקע. בערא האָט ניט געכאַפּט פון דער ערשטער רעגע, וואָס דאָס זיינען פאַר אַ כאַיעס און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

— „זאָטכעו״.

אָבער נאָך איידערער האָט אויסגערעדט דאָס וואָרט, האָט ער זיך שוין דערמאָנט, אַז וואָס רעדט ער, עס זיינען דאָך קעמלען און ער האָט זיך דערפרייט, וואָס ער איז לעם סאַמע טיר־גאָרטן. איצט דערקענט ער שוין דעם פלאַץ. בערא איז איינס און צוויי אַריבערגעקראָכן דורכן הויכן פאַרקאַן און געטראָפן ניט צו די קעמלען, נאָר צו עפּעס קליינע הערשעלעך און פון דאָרט האָט ער דערהיט אַ רעגע, ווען קיינער איז באַגענט ניט אומגעגאַנגען און איז אַריבערגעקראָכן דעם זשערדקע־פּלויט און איז אַרויס אַף דער אַלייע.

בערא האָט ליב געהאַט דעם אַ גאָרטן פון שטענדיק אָן. ער איז שוין דאָך דאָ אַמאָל געוועזן. ער האָט באַצאָלט געלט און איז אַריין דורך דער טיר. אַזוי ווי אַלע. אומעטום האָט ער ליב גיין פאַר געלט, בערא. אין קינאָ — פאַר געלט, אין צירק — פאַר געלט און נאָר איצט איז ער אַהער אַריין

ווי אַ גאַניוהא. אָבער ס׳מאַכט ניט אויס, דער אויסזען פון די כאַיעס האָט אים אַזוי ווי אַ שטיל געטאָן דעם הונגער. מענטשן האָבן זיך דאָ אומגעדרייט שיטערלעך, אַנדערע האָבן אומגעפירט קינדערלעך באַ די הענט. מ׳שטעלט זיך אָפּ אין מ׳קוקט, בערא קוקט אויך. אָט אָ גייען אַ פּאָרפּאָלק מיט אַ אינגעלע. זיי שטופּן דעם הירש שטיקעלעך בייגל צווישן די זשערדקעס פונם פּלויט. דער הירש עסט פון די הענט און דאָס קינד טאַנצט אונטער. באַ יעדער ביסן, וואָס מ׳גיט דעם הירש, דערזעט עס און נעמט טאַנצן אַף איין אָרט און זיך פאַרגיין פון געלעכטער.

בערא האָט איצט אַליין אַרויסגעזען, אַז דער הירש איז טאַקע אַ פאַרשוין מיט אַ שטאַלט. ער גייט אויסגעקליידט אין זיין פעל ווי אַ אוישער און דעם קאָפּ הערנער טראָגט ער אַף זיך אַזוי ווי אַ קלויסטערל אַ גאַנצן און ס׳איז אים גאָרניט שווער... אָט ווען אַ מענטש קען זיין אַ הירש, וואָס וואָלט אים דענסטמאָל אָפּגעגאַנגען? דאַכט זיך, מ׳זאָל מער קיין זאַך ניט עסן כוץ גראָז, קען מען דאָך אויך זיין זאַט יאָרן לאַנג...

פון די ווייטע שטייגן, וואָס אַקעגנאיבער האָט בערא דערהערט, ווי די כאַיעס האָבן גענומען ברילן און ס׳איז אַוועק אַ באַוועגונג צווישן זיי.

אי בערא, אי דער הערש האָבן איינצייטיק אָנגעשטעלט די אויערן און געכאַפּט מיטן געדאַנק, אַז מע גיט שוין דאָרט דעם אוילעם עסן.

בערא האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו ווייטע שטייגן. אין איין מויער זיינען איינגעצוימט דריי דירעס: פאַר די לייבן, דעם טיגער און די לעמפּערטן. די כאיעס ברילן אין־זיך

און אַ מענטש וואַרפט זיי שטיקער רויטן פלייש מיט גרויסע ווייסע קנאָבן.

ווי בערען האָט זיך ניט געגלוסט עסן, האָט אים פלוצים אַ קער געטאָן אַף צוריק, צי פוילם רייסן, וואָס די כאַיעס לאָזן אָן, צי פון דער טונקלער רויטער מאַרע, וואָס דער רויטער פלייש מיט די ווייסע קנאָבן האָבן. אָבער בערען האָבן זיך איבערגעקערט די קישקעס אין בויך און ער האָט מיט אַמאָל געפּומען ברעכן פון ליידיקן בויך אַרויס מיט דער גרינער גאַל. דער גאַנצער פייכעוואַטער קאָפּ איז אים אָפּגעשוויצט געוואָרן אונטער דער היטל. דאָס מויל מיטן גאָרגל עפענען זיך בײַ אים אָן אַן אויפהער, כאָטש ברעכן איז ניטאָ מיט וואָס.

זיך קוים אָפּגעפּאַטערט מיט דעם קיבעד, איז בערא אַוועק מיט אַ נאַסן מויל און מיט פולע פאַרטרערטע אויגן ווייטער. אַ באָכער איז געגאַנגען מיט אַ קויש פיש אין געוואָרפן איבערן געפלאָכטענעם דראָטענעם פּלויט גאַנצע זשמעניעס טויטע פישלעך צו די וואַסער־פויגל. די צאַפּליעס מיט די דינע פיס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַף די פישלעך, די בושליעס זייגען אויך דאָ, מ'כאַפּט אַ פישעלע אין לאַנגן פּיסק אַריין, פאַרהויבט מען דעם קאָפּ, אַרייפּגעוואָרפן דאָס פישעלע, געוואָרפן ביזן שלינג און באָם סאַמע שלינג טוט מען זיך אַ וואַרג און אַראָפּגעקוועטשט גאַנצערהייט.

— ניטאַ בײַ זיי קיין ציין, — האָט בערא אַ זאָג געטאָן ניט ווויסנדיק צו וועמען.

דער באָכער מיטן קויש האָט אַ וואָרף געטאָן אַ ביטל־בליק אַף בערען און איז אַוועק ווייטער. האָט בערא אים

שוין אויך באַטראַכט אין די פּלייצעס, דעם באַכער יענעם.
די סלינע איז אים געריננען אין מויל אַזוי, אַז ער האָט זי
קוים באַוויזן אַראָפּשלינגען. האָט בערא שוין איצט אַרויס־
געזען, אַז דאָס בעסטע פּאַר אַ מענטשן איז זיין אַ מעשאָ־
רעס אין אַ טירגאָרטן. אַלע כאַיעס אין גאָרטן האָבן דיך ליב
און דו גייסט אַרום אין גאַנצע הויזן אַזוי ווי אַן עלטסטער.
מיט די מאַכשאָוועס איז ער דערגאַנגען צו די בערן.
אין אַנדערע שטייגן האָט מען די בערן ניט אויסגעזען.
זיי האָבן זיך פאַרשלאָגן זייער טיף אין די ווינקלען אַריין
און האָבן זשעדנע עפּעס געגעסן פון צווישן די פּזדערשטע
פיס. לעם איין בער האָט זיך בערען אויסגעדאַכט, אַז יענער
נעצט דעם פּיסק אין אַ אויסגעהוילטן האלבן קירבעס און
זשליאָקעט עפּעס פון דאָרט. אַז ער איז אָנגעגאַנגען צום
שוואַרצן בער מיט דער אויפגעריסענער אויבערשטער ליפּ,
אַזוי ווי בא אַ קאַטערזשניק, האָט ער דערזען, אַז מ׳גיט זיי
כאָשעט צו לעבלעך ברויט די בערן, יעדערן אַ לאַבן אַף אַ
ביילעק. און אים, בערן, וויל מען ניט געבן קיין ביילעק. אַ
פאַרדראָסיקע זאַך. אין אַזאַ מין שטייג וואָלט ער זיך אַפילע
אַריינגעזעצט מיט זיין אייגענעם ווילן. אַבי מ׳זאָל געבן
עסן אַלע טאָג אי זומער, אי ווינטער. דער שוואַרצער
גלאַנציקער בער מיטן ווייסן פלעק אף דער ברוסט האָט
מאַלכעסדיק און ניט געכאַפּט געגעסן זיין ביילעק, וואָס איז
געווען אויפגעבראָכן אַף עטלעכע שטיקער פוכיקן עמעס
גוט־געבאַקטן ברויט. בא בערען האָבן זיך אַ הויב געטאָן
אין בויך די ליידיק־פאַרכאַלעשטע געדערים אַנקעגן דעם
רייעך און אויסזען פונם ברויט. און איידער ער האָט עפּעס
אַ קלער געטאָן, האָט ער זיך אַזוי ווי פאַר אַ גרויסן מאָן

אַ קער געטאָן צום בער מיט אַ געבעט, אַזוי ווי ער האָט אויפגעקרומט דעם דינעם פּיסק, און שיר וואָס ער רעדט עס ניט אויס אַף אַ קאָל דאָס, וואָס ס׳ראַנגלט זיך בײַ אים אין געדאַנק:

— איך האָב דאָך ניט אַף דער גאַנצער וועלט קיין פרײַנט. דו האָסט אַליין, איך בין הונגעריק. איך וויל דען בײַ דיר גאַנוועגען? איך קען זיך דיר אָפּשווערן. אַז איך וויל ניט, איך בעט דיך נאָר, טו מיר אַ גמילעס־כעסעד, אַ טויווע טו מיר, דו וועסט זען, אַז איך וועל דיך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

ס׳האָט זיך אומגעקערט צו בערען דער לאָשן פון אַמאָל. מוישע בײַראַך דעם סעדערס ווײַב איז געווען אַ גוטע, אָבער ווי קומט זי צו דעם אַ בער. ער וואָלט אים יועלן אַרומנעמען און אָט אָ שוין אַפּן אָרט אַ קוש טאָן אין זײַן אָפּגעריסענער ליפּ מיט די הענגענדיקע נעזלעכער. דאָס מאַכט אים נאָך גרעבער. און בערא האָט דערלאַנגט אַ קוק אַהער און אַהין, האָט אַרויסגענומען זײַן פּינקע פון האַ־לאָשווע קעשעניע, און איז אײַנגעאַנצן אָן מוירע אַרײַן צווישן בעריער, וואָס פאַרן שטייג. דער בער האָט אַף אים גענומען קוקן ניט שלעכט, נײַן, נאָר עפּעס באַוויזיקנדיק. אין די פעדערשטע לאַפּעס האָט ער געהאַלטן איין שטיק ברויט און מיט דער אויפגעריסענער ווײַכער נאָז האָט ער גע־געסן צו קלײנע שטיקלעך פונם צווייטן שטיק, וואָס איז געלעגן צו אים נאָענט פון דער רעכטער זײַט. דאָס דריטע שטיק ברויט איז געלעגן אָפּגערוקט עטוואָס ווײַטער און אָן אַ זײַט. אַהין האָט בערא אַ שטעק געטאָן די האַנט מיטן מעסער, אַזוי ווי אַ גאָפּל מיט אײַן צאָן. ער האָט זיך

איינגעשטעלט אין אַוועקגעליגן פֿון דאָרט אַ געזונטן שטיק אינווייניקסטן פּיכן ברויט. אָפּן ברויט זײַנען געווען אָנגעבלאָזענע עטלעכע האָר אײנס אַף אײנס אָנגעוואָרפן, דעם בערס. בערא האָט אויפגענומען די עטלעכע האָר מיט ליבשאַפט, זיי שטאַרק פאַרקוועטשט אין איין האַנט און מיט דער צווייטער האָט ער ציגעטראָגן דעם שטיק ברויט צום פאַרכאַלעשטן מויל. געוואָלט אַ ביס טאָן, נאָר דאָס מויל האָט זיך אים שווער געעפנט, האָט ער דערווײַל גענומען אָפּציען צוריק צום לײדיקן אַרומגעצוימטן פּאַרקן, איידער עמעצער פון די באַדינער וועט אים פּאַקן בײַם קאָלנער.

אַז בערא איז שוין געווען פֿון יענער זײַט פּלויט, האָט ער דערזען לינקס אַ ריטשקעלע רינען. איז ער אַוועק אַהין, זיך אָנגעזשליאָקעט מיט וואַסער, דערנאָך האָט ער זיך גערן אויסגעצויגן אַפן גראָז מיטן בויך אַראָפּ, דעם ברויט צווישן די הענט לעם סאַמע מויל. בערא אנז אַף קײנעם ניט געווען אין כאַס, ער האָט געביסן מיט גרויס האַנאָע פונם ברויט, דורכן פּצ־לייגן מ־יל עפּעס געברומט אין נאָז אַרײַן.

דער בער מיטן ווייכן מאַלכעסדיקן פלעק אַף דער ברוסט איז אים ניט אָפּגעטראָטן פֿון די אויגן, די קעמלען אויך, דער הערש אויך, אין איין געדאַנק, אַ פרייילעכע האַמצאָע האָט בײַ אים אומגעטאַנצט אין מויעך און איז אויסגעווען דאָרט אין אַלע ווינקעלעך, אַז ער איז שוין ניט עלנט, בזרא. סיגלאַט, פאַרוואָס האָט ער זיך עס פריער ניט אָנגעשטויסן אַהער קומען. איצט וועט ער שוין געדענקען. אין אַ ענגער שאָ אַ גזילעס־כעסעד, אַז אַ מענטש דאַרף, צי אַ כויוע, איז נאָר אַהער צו די שטומע צינגער... צו זײַנע דאָזיקע פרײַנט... צו די נייע... צו אָט אָ די אָ!..

# אינהאלט

## מאיסעך

זייטל



## דערציילונגען

# מעלוכע-פארלאג פון אוקראינע

כארקאָוו, ליבקנעכט - גאַס, 31

אין אלע ביכער-האנדלונגען פון מעליכע-פארלאג פון אוקראינע פארקויפן זיך פאָלגנדיקע ניי-דערשינענע ביכער:

ש. עפשטיין — אין לאנד פון סאציאלער רעוואָליוציע. 235 ז. פרייז 1 ר. 95 ק.

ל. קוויטקאָ — בא ריאָגראַנדער פעל. 193 ז. פרייז 1 רובל.

" " — רינג אין רינג. באנד קינדער-לידער און פאעמען. 262 ז. פרייז 2 ר. 35 ק.

י. אַפּאַטאָשו — אף יענער זייט בריק. 289 ז. פרייז 1 ר. 80 ק.

מ. דאַניעל — אין א צייט אַזאַ. א באנד נאוועלן. פרייז 1 ר. 80 ק.

דער ניסתר — פון מיינע גיטער. 230 זייטן. פרייז 1 ר. 90 ק.

כאַנע לעווין — לידער. 143 זייטן.

פערעץ מאַרקיש — ראָמאַן. 390 זייטן.

דערשיינען אינגיכן:

מ. אַלבערטאָן — בירא-בידזשאַן.

אַ. אַבטשוק — דערציילונגען.

מ. ווינער — עליע פאליקס אונטערגאנג.

א. פעפער — געקליבענע ווערק.

ל. רעזניק — לידער.

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:

**Харків**, вул. 1 травня, ч. 17, пошт. відділ ДВУ.
**Київ**. вул. К. Маркса, ч. 2, пошт. відділ ДВУ.
**Одеса**, вул. Лассаля, ч. 33, пошт. відділ ДВУ.
**Дніпропетровськ**, просп. К. Маркса, ч. 49, пошт. відділ ДВУ.

**КОМЕРЦІЙНЕ УПРАВЛІННЯ**

Харків, вул. К. Лібкнехта, 31.

